מײַן פֿרוי פֿרײדל,

מײַן יוגנט־חבֿרטע און באַגלײטערין פֿאַר פֿופֿציק יאָר

מיט ליבשאַפֿט

אשר שטשוטשינסקי

# צווישן ערד און ים

## לידער



פארלאג
י. ל. פרץ
ישראל
תל־אביב, תש״ם — 1980

# ביַים ברעג פון קאַראַיִבישן ים

ס׳כוואַליעט זיך דער קאַראַיִבישער ים,
ער רײַסט זיך ווי אויס פון זײַן ערדישער ראַם,
ער וואַרפט אויף מיר אָן אַ מין אימה, אַ שרעק,
אַ, זאָל ער נאָר ניט פאַרטרענקען מײַן שטעג.

און אין געיעג, איינס נאָך איינס, גרויס און קליין,
שלינגען די כוואַליעס ווי אײַן זיך אַליין.
און ווי נאָר עס קרייַנט זיי אַ זילבערנער שוים,
זיי טײַען, ניט סטײַען ווי גלײַך אַ מין טרוים.

די כוואַליעס זיך וויגן אין בלוי־גרינער שײַן
און וויקלען זיך ווײַס אין אַ טלית, דוכט, אײַן;
איך זיץ ביַי דעם ים אויף זײַן זאַמדיקן ברעג
און טראַכט וועגן הײַנטיק־און־נעכטיקע טעג.

איך זיץ אויפן גאָלדענעם טעפּעך פון זאַמד
און קוק ווי דער ים איז צעברויזט ביזן ראַנד,
און ווײַט אינעם הימל די זון איז צעשטראַלט,
נאָר טראָפּנס פון ים אויף דער ערד פאַלן קאַלט,

און עפּעס אַ שאָטן פון צײַט, וואָס איז אַלט,
אויף מײַנע מחשבות ביַים ים־ברעג אויך פאַלט.

## ערגעץ

ערגעץ טיף אין דער נשמה
מיט אַ דינעם בלאַט פֿאַרדעקט,
יאָרן האָט אַ פֿונק געטליִעט,
דורך אַ נס זיך אויפֿגעוועקט.

# די ליד פון מאָרגן

ערגעץ זיך וואַרעמט אין ווײַסן פּוך
מײַן אויסגעחלומטע ליד, וואָס איך זוך.
פרימאָרגנס די ליד וועט געבן אַ ווינק
און זיך אַרײַנפלעכטן אין מײַן צונג.

נאָך ניט צעשטערט איז מײַן האָריזאָנט,
אַז די ליד, וואָס איך זוך און זוך,
זאָל בליציק דעם טאָג אַ ברי אַזש טאָן
און פאַרפולן אַ זײַט אין מײַן בוך.

קלאָר, ווי דער גלאַנץ פון זונען־שטראַל
און ווי פונעם פויגל אין וואַלד דער שאַל,
קלינגט די ליד אין דעם האַרץ, אין מײַן קאָפּ,
אויף פּאַפּיר — אַ צעבראָכענער בלומען־טאָפּ.

אָ, גאָט! כ׳בין דיר מוחל דאָס פּעטע ברויט,
מיט איין וואָרט פון דער ליד מײַן הונגער פאַרגייט,
(ניט אויף ברויט אַליין די וועלט דאָך שטייט!)

געטרוי זשע מיר דעם ווערטער־געשאַנק,
מײַן לעבן כ׳וועל געבן דיר ווי אַ דאַנק.
אָן ווערטער פון ליד איך לעב אין נויט,
כ׳וויל אָנטאָן מײַן חלום אַ זײַדן קלייד.

דעם צויבער פון ניגון — זײַן האַרץ־אַקאָרד,
דעם כּישוף פון ליד, דעם כּישוף פון וואָרט.
ניט אָט די איז די ליד, וואָס איך זוך,
זי ברײט זיך אויס נאָך אין ווײַסן פּוך,

זי וועט זיך אַ טראָג טאָן אויף מײַן צונג
מיט גלאַנץ פון אַ דימענטענעם רונג,
אין זוניקן פרי זי וועט געבן אַ ווונק,
ווי אַ זילבער־מטבע געבן אַ קלונג,

און מײַן קאָפּ, מײַן האַנט, די טינט און די פען —
זיי וועלן ניט וויסן וואָס ס'איז געשען.

ניו־יאָרק, 1978

# ניטאָ קיין ליד

יעדן פרימאָרגן קוק איך אַרײַן
אין מײַן שכנס שײנעם סאָד,
אויף אַ בליִענדיק-גרינעם צווײַג
זינגט אַ ליבער פויגל דאָרט.

גוט מאָרגן צו דײַן קאָלירן-שפּיל
און צו דײַן מונטער און פֿריילעך געזאַנג,
געפֿינען לײַכט זאָלסטו דײַן ברויט,
געפֿינען לײַכט זאָלסטו דײַן געטראַנק.

יעדן פרימאָרגן, ווען כ׳גיי אַוועק,
צום שכנס סאָד איך וואַרף אַ בליק :
— פויגל, מײַן ברכה צו דיר איך שיק —
און ער מיר ענטפֿערט — צוויק, צוויק, צוויק !

איך האָב זיך צום פויגל צוגעוווינט,
און פֿאַר מײַן ברכה ער האָט מיך באַלוינט
מיט זײַן גוט-מאָרגנדיקער ליד,
וואָס מאַכט פֿון זאָרגן פֿרײַ מײַן געמיט.

הײַנט האָב איך אים געזוכט אומזיסט,
מײַן גוט מאָרגן אויף ווינט זיך צעגיסט,
ניטאָ דער פויגל אויף גרינעם צווײַג,
ווײַזט אויס, אַז ער איז אַרײַן אין אַ שטײַג.

האַרבסטיק טרויערט מײַן געמיט,
ניטאָ דער פויגל, ניטאָ די ליד.

יוני 1978

## שווין צו שפּעט

שווין שפּעט צו טראַכטן
פון מונטערע זוניקע טעג,
פון גלוסטיקע פאַרנאַכטן,
זיי זײַנען אין שרעק אַוועק.

צו שפּעט איז שווין צו זינגען לידער,
ווען טעמפּ איז די שאַרף פון חוש,
דער טרוים צעפּאַלט זיך אַ מידער,
ניטאָ איז גאָטס וואָרט מיט זײַן קוש.

צו שפּעט איז צו זינגען לידער,
ווען ס׳גליווערט דאָס בלוט אין דער קעלט,
אַ צאַפּל אַ סטרונע גיט ווידער
און פאַרגייט אין אַ טויבער וועלט.

צו שפּעט איז צו זינגען לידער,
ווען ס׳איז דײַן אָטעם דערשטיקט,
ווען מ׳האָט דײַן אומרו אין גלידער
געבונדן מיט קנעכטישע שטריק.

אפשר ניטאָ איז קײַן זינען
אין לעבן, וואָס איז אויפן ווינט,
ס׳איז אפשר זיך בעסער צערינען
ווי אַן עלנטע טרער פון אַ קינד.

## קענסט זען

קענסט זען ווי דער רעגן גיסט
און ווי דאָס וואַסער פון קוואַלן פליסט,
ווי דער פויער די פעלדער פאַרזייט
און ווי די זון אין מערב פאַרגייט.

זען דו קענסט ווי פייגלען פליִען,
ווי מענטשן, דוכט, אויף פליגלען זיך ציִען;
צו ווײַטקייטן, ווי צו פאַרבאָרגענע הימלען,
זיי צו הייבן זיך העכער באַמיִען.

קענסט זען די גרויסע שטעט
און ווי זייער באַשאַפער זיך מיט,
קענסט זען דעם פּאָעט
און אויך זײַן ליד,

אָבער די קראַפט,
וואָס אין אים טיף שאַפט,
זײַן וואָרט, זײַן ליד —
דאָס זעט אַליין אויך
דער דיכטער ניט.

# מײַן שפּראַך

מײַן שפּראַך איז פּראָסט, װי שװאַרץ ברױט אױף הונגעריקן מעסער,
מײַנע שורות צעשאָטענע, װי אױף זאַמדיקן פעלד דער פּאַרזױ,
מײַן דמיון — װי אַ פאַלנדיקער שטײן, װאָס פון באַרג איז גרעסער,
און מײַן האַרץ זיך צאַפּלט, װי אַ קינד אין קאַיאַרס זוניקן אױפגײ.

נאָך שװאַרצן ברױט דאַרשטן הונגעריקע מיליאָנען,
פאַרזײיטע פעלדער זײַנען דער חלום פון אַ װעלט,
נאָר אַ פּראָסט װאָרט — װער װײסט צי עמעצער װעט מאָנען,
שורות צעשאָטענע — װער װײסט צי איר עמעצן פעלט.

# ווען איך

ווען איך וואָלט קענען מײַנע לידער
איבערשרײַבן נאָך אַ מאָל און ווידער,
וויפל נײַע לעבעדיקע גלידער
כ'וואָלט אַרײַנפּאַסן אין די אַלטע לידער.

ווען איך זאָל קענען מיט מײַן פלאַקער
אָנצינדן די טינט אויף פּאַפּיר,
וואָלט איך וועלטן דעמאָלט צעאַקערט
און ניט פאַרברענט דאָס פײַער אין מיר.

קען איך ניט מײַן ליד איבערשרײַבן,
כ'האָב מורא פּאַפּיר מיט פײַער צו צינדן,
וועלן זיי מוזן אַזוי שוין פאַרבלײַבן,
אין שורות נישט צײַטיקע וועל איך זיי קלײַבן.

# אפשר ?

ווען כ׳שטיי ווי דו אויפן ראַנד פון טויט,
אפשר וואָלט איך שרײַבן דאָס ליד פון גלויבן
און ניט געגלויבט אין פּײַן און אין נויט,
אפשר כ׳וואָלט זען די וועלט אין שטויבן,
ניט קיין מענטשן, נאָר טיניאַסאַס — פייגלען,
וואָס פרעסן נבלה מיט קוויטש נישט קיין איידעלן.

ווען כ׳זע ווי דו דעם טויט פאַר די אויגן
טאָג אײַן טאָג אויס, — וואָלט איך אָנהייבן גלויבן,
אַז דער מענטש איז מער קיין מענטש שוין ניט,
אַז דאָס בענטשן איז מער קיין ברכה ניט,
ס׳איז אַ וועלט מיט רויבפייגלען — מיט טיניאַסאַס,
פאַרפוילט ס׳זאָלן ווערן אַלע מאַריפּאָסאַס.*

* אַ בלום מיט הויכע בלעטער ווי אַ גלעקל אין פאַרשידענע קאָלירן, פון דער טולפּאַנען־משפּחה.

# איך וויל פֿאַרשטיין

ס׳שווינדלט בײַ מיר אין אַלטן קאָפּ,
ס׳פּײַפּט ווי אין אַ זודיקן טאָפּ...
זעץ איך מיך צו דער אַרבעט — שרײַבן,
זאָצן פּאָר מײַנע לידער קלײַבן.

קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט,
ווי אין ווינטער — די קעלט צו דער באָרד,
בײַם איך מיט טעמפּע ציין מײַן פּען
און טראַכט, וואָס איז דאָ מיט מיר געשען.

ס׳האָט מיר שוין אָפּגעשווינדלט אין קאָפּ,
נאָר כ׳הער אין אים פּערד לויפֿן ווילד אַ גאַלאָפּ
און צעטרעטן די שורות מיר — מײַנע אותיות,
וואָס צעטריפֿן זיך — טראָפּ נאָך טראָפּ,
ווי צעגאָסענער ווײַן פֿון צעבראָכענע כּוסיות.

22.4.1979

## פֿאַרעקשנט

פֿאַרעקשנט האָט זיך דאָס לעבן,
עס מורמלט דין און שטיל מיט זײַן קול,
כ'האָב גאָרניט מער וואָס דיר צו געבן,
עפֿן די אויגן און קוק אויף דער שאָל.

האָסט פֿאַרתּחלעוועט דײַנע טעג
אויף פּרוטות, אויף געקלאַנג פֿון פֿאַרמעג,
איצט קומסטו אַ בן־שבֿעים ווידער
און חלומסט צו זינגען פֿון הארצן לידער.

אויף וואָס וואַרטסטו נאָך, — מיר מורמלט די נאַכט, —
אין פּוסטע טעג האָסטו אַ לעבן פֿאַרבראַכט,
ס'לעשט אויס זיך דײַן פֿלאַקער, ס'לעשט אויס זיך דײַן פֿײַער,
ווערסט אַש פֿון פֿאַרברענטן אָן תּבֿואה שײַער.

# אַ „יונטאַ״ אויף יידיש

מײַן האַרץ וויל דיר, „יונטאַ״,
זינגען אויף יידיש אַ ליד,
איז אין מײַן לשון
ניטאָ אַזאַ גליד.

אין מײַן לשון „יונטאַ״ —
זײַנען צוויי משׂא־אָקסן,
וואָס גייען אונטער איין יאָך
צוזאַמענגעוואָקסן.

25.9.54

# גיסט אַ גלי

גיסט אַ צינד מיך אַ מאָל,
ווי כ׳וואָלט שוועבל געווען,
גיסט אַ הייב מיך אַרויס פונעם טאָל,
ווי פּײַער צעפלאַמטן,
ווײַט מײַנע אויגן און ווײַטער נאָך זען.

גיסט אָפּט אין מיר אַ גלי
מיט דינקייט פון אַ מילדער שטראַל,
זוניקע אויגן גלעטן מײַן זעל
און בויערן פאַר דעם וואָרט אַ קוואַל.

עס פלאַמט אַ פּײַער אין טיפן טאָל,
און אין פּײַער הער איך מײַן אייגן קול.

ווען די נאַכט אין מײַן שוים פאַלט
און דאָס פּײַער אין טאָל — ביז אַרויף
ווערט טונקל, ווערט קאַלט,
קומט מײַן חלום אויף —

ס׳איז דער שאָטן פון אַ פּײַער־גלי
ווי ער וואָלט געשווימען איבער אַ טײַך,
ווי ס׳וואָלטן אויפן וואַסער־פלאַך
טראָפּנווײַז פונקען גערינען פּײַכט.

ווען אין אומעט פינצטער ווערט
און שלעפעריק כוואַליעס גיבן אַ פאַל,
וועקסטו אויף אין מײַן האַרץ דעם גלי,
וועקסטו אויף פון מײַן וואָרט דעם שטראַל.

## דער סקולפּטאָר

אין גאָרטן, אַנטקעגן מײַן פֿענצטער, וואַקסט
אַ באַרג מיט שטיינער, עס ווייסט ניט קיינער,
ווער ס׳האָט זיי אויסגעלייגט אַזוי צאַרט
ווי לעבעדיקע ביינער.

דער סקולפּטאָר ניטאָ איז שוין לאַנגע יאָר,
נאָר זײַן סקולפּטור איז נאָך קענטיק ביז גאָר,
ער האָט געלייגט אַ שטיין אויף אַ שטיין,
געלאָזן אַ זכר נאָך זיך אַליין.

יאַנואַר 1979

## ניטאָ מער

ניטאָ, ניטאָ אין יום־טוב נומער
„יידישער קעמפער"
די ערלעכע לידער פֿון יוספֿן,
דאָס געזאַנג פֿון מידן גייער און קומער,
דאָס געזאַנג דאָס אַנסופֿיקע.

ניטאָ, ניטאָ די וווּנדער־לידער
פֿון יוסף רובינשטיין,
אַ צעבראָכענער, מידער,
האָט ער געזונגען ווידער און ווידער
זײַנע לעצטע לידער.

* *

ניטאָ, ניטאָ מער די לידער
פֿון גלוביקן ישׂראל עמיאָט,
פֿון לאַנגן נע־ונד — צעבײַלטע גלידער!
יעדער ליד ער אָט געשענקט צו גאָט.

## ס׳קלינגט

ס׳קלינגט
פריילעך
מײַן ליד,
אוים וויי,
אוים קרעכץ,
ניט מיד.
אויך
מיר —
פון וועלט
אַ גליד.
צו גלײַך
מיט פעלקער
מײַן פאָלק
בליט.

# אַ ליד

אָפּט קומט מיר אויף אַ רויִק געמיט
צוזאַמען מיט אַ פּײַכטקייט אין אויגן,
און ווערטער קלאָרע — אַ פּונק פֿאַר אַ ליד —
אויף שורות באַשטראַלטע זיך האָבן צעצויגן.

מיין ניט אַז מײַן האַרציק געזאַנג
פון אַ פּוסטער פּאַס איז דער קלאַנג,
עס איז דאָס פֿײַער פון זונען־שטראַל,
ווען פון ווײַטע הימלען עס פֿאַלט.

מערץ 1979

## ווּ זײַנען מײַנע לידער?

ווּ זײַנען מײַנע לידער פון הונגער און ברויט,
פון צעקרישלטן גלאָז אויף האַרטע שיך-זוילן.
געשטאָכן האָבן קרישקעס גלאָז די פינגער,
ווי פײַער פון אָנגעגליטע שטיין-קוילן.

ווּ זײַנען מײַנע לידער פון צעהאַנגען וועש
אויף האַוואַנער דעכער, דער הילכיקער קלאַנג
פון אַלטע טראַמוויַיען, ווי כּלים פון מעש,
לידער פון בענקשאַפט — נאָך היים דער דראַנג.

ווּ זײַנען די לידער פון האַוואַנער שמאָלער גאַס,
אײַנגעקאָרטשעט, געטוליעט איך האָב זיך צו ווענט;
דעם טעם פון אַ האָניק-קיכל אַ נאַס'
מיט קאַווע זיך זעלטן דערלויבן געקענט.

ווּ איז מײַן ליד פון שטיינ-גריבער בײַם ימישן ברעג,
ווּ מיר האָבן פאַרבראַכט די יוגנט-נעכט
אונטער אַ בלאַסער לבֿנה, וואָס דערמאַנט אין אַ וועג
פון בענקענדיקע טעג — אין שווערן געפעכט.

ניט אויסגעהיט האָב איך פון לידער קיין איינע,
ניט געטרויט האָב איך קיינעם, קיינעם,
קומען זיי איצט צו מיר אין זכּרון
דערמאָנען די ביטערע, פינצטערע יאָרן.

## מײַן ערשטע ליד וועגן מײַן גורל

מײַן ערשטע ליד האָב איך ניט אויסגעשמידט,
מײַן ערשטע ליד האָב איך ניט אויסגעגליט,
זי איז אַרויפגעפאַלן אויף מײַן צונג,
ווי אַן עכאָ פון אַ ווינט געטאָן אַ קלונג.

אויף אַן אויסגעטרוקנט גרויער באַנק,
צוגענעגלט צו דער וואַנט פון אַלטן הויז,
אַ פלאַקער האָט אין מיר געטאָן אַ געזאַנג,
אַ ווייע האָט געטאָן מיט הייסן דראַנג.

אויף שאַרף־שפּועדיקן באַרג־אַראָפּ
האָט צוגעטראָגן מיר דער ווינט אַ גאָב,
זינגען! — האָט ער צו מיר געטאָן אַ ווונק, —
פון מײַן קנעכטן־קייט אַראָפּ איז די ערשטע רונג.

איך דער ערשטער האָב די רעכענונג געמאַכט,
וויפל שטערן אין דעם הימל האָט די נאַכט,
וויפל ביימער כאָוועט אוים אויף זיך די ערד
און אויף בלעטער וויפל פאַלט אַ טויען־טרער.

און נאָר איך — איין שטערן, האָב קיין מזל ניט,
און נאָר איך — אייןביימל, בין פאַר בראָך און שניט.

## אַוווּ איז ערגעץ?

אַוווּ איז ערגעץ מײַן אײַזערן רייפל
פון דער הערינג־טון, פונעם אַלטן פאַס —
און ווו איז דאָס דראָט מיט דרײַעקיקן שלייפל,
מיט וועלכן געשטויסן איך האָב עס מיט כּעס
אין קינדהייט מײַנער, אויף תּפֿלה־גאַס?

ווי יונגע הירשן לײַכט אויפן פעלד,
געטראָגן האָבן זיך די באָרוועסע פיס,
און מיר האָט געשײַנט אַ ליכטיקע וועלט.
ווי שטייניק און הארט דער מאָרגן איז
האָב איך ניט געוווּסט, פרײַ מײַן טראָט געשטעלט,
נאָר מײַן מאָרגן געשטעקט האָט אויף שאַרף פון אַ שפּיז.

אַוווּ איז ערגעץ מײַן אײַזערן רייפל?
כ׳וויל ווײַטער עס טרײַבן בײַ אונדז אינעם הייפל;
דער טאַטע האָט דעמאָלט אויף מיר געשריגן
פאַר די שמוציקע באָרוועסע פיס,
מײַן ליבע מאַמע האָט אויך ניט געשוויגן
פאַר אין די נײַע הייזלעך דעם ריס.

ס׳האָט מיך פאַרלאָזן מײַן אײַזערן רייפל,
איך ווייס ניט, וווּהין ס׳איז אויף אייביק אַוועק,
צעטײַעט זיך פונקט ווי דאָס לופטיקע זייפל;
מיר האָבן צעשיידט זיך בײַם קרייץ פון דעם וועג,
ערגעץ צופוסנס פון דאַלקער באַרג,
ערגעץ בײַם טײַך, בײַ דער וואַסערמיל.
— צי בענקען זיי אויך נאָך מיר אַזוי שטאַרק
דאָס רייפל, דאָס טײַכל, דאָס גראָז אין דער שטיל?

האַוואַנאַ — קובאַ 1952

# אַ קורצער חשבון

וויפל יאָרן זײַנען פאַרלאָפן,
זײַט כ׳בין אַ באָרוועסער געלאָפן
פון טײַכל איבערן שטיינערנעם ברוק,
טראַגנדיק וואַסער אַ פולן קרוג;

וויפל יאָרן זײַנען פאַרלאָפן,
זינט כ׳בין אויף אײַזערנער קאָלומבינע
אין איינעם מיט מײַן עלנט געשלאָפן,
געחלומט פון פוילישע פעלדער פון גרינע.

ווי לאַנג איז דער חשבון פון גאַנצן לעבן,
פון אַלע מײַנע פאַרלאָפענע יאָרן! —
איצט קומען זיי צו מיר אין זכּרון
אַ גרוס מיר אַ ווײַטן איבערצוגעבן.

אין דער לאַנגער קייט פון יאָרן
קומט צו אַ רונג נאָך זיך שמידן איין רונג,
ווי אַ ראָד צו אַ ראָד, זאָלסט דײַן ווערטל פאַרפאָרן,
ביז זאָלסט דערהערן דעם לעצטן קלונג.

ניו־יאָרק, 1979

## מײַן ערשטער פֿרײַנד

טשערבוש — מײַן ערשטער פֿרײַנד — אַ הונט.
זײַנע געל־ווײַסע לאַטעס כ׳געדענק,
זײַן טויט האָט געלאָזן אין מיר אַ וווּנד.
מיט אים איך האָב געחלומט, געבענקט,
איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, געווען ניט גרייט
אויף אומרעכט פֿון אַ פֿאַראַט און טויט.

מײַן טאַטע און מאַמע האָבן אין שרעק
געשלעפּט די קישנס, געבונדן די פּעק,
געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון זײַן בײַ דעם פֿראָנט.
זיי האָבן געראַטעוועט כּלים און פּאַנען,
נאָר האָבן מײַן קינדערשן צער ניט דערקאָנט;

זיי האָבן מײַן פּײַן פֿאַר אַ פֿרײַנד ניט פֿאַרשטאַנען,
געלאָזט האָבן טשערבושן היטן די היים,
און ער איז פֿון הונגער און בענקשאַפֿט — אַליין —
אויסגעגאַן עלנט אַזוי ווי אַ שטיין.

## דעם אומעט אין האַרצן איך טראָג

דעם אומעט פון כמורנעם רעגן־טאָג
מײַן גאַנץ לעבן אין האַרצן איך טראָג.
איך גיי אין דעם חדר — ס׳פאַרכאַפּט מיך אַ רעגן,
פּאַטשט אין מײַן פּנים און גיסט מיר אַנטקעגן,
אַ בחורל — כ׳לויף אין דער תּרבות־שול
מיט אַ פּעקעלע ביכער, אַ טאָרבע פול.
עס שטורעמט דער רעגן, איך וויל זיך באַהאַלטן,
די טאָרבע צערײַסט זיך, די ביכער, אוי, פאַלן,
אָט ליגן זיי אויף דער נאַסער ערד,
און יעדער אות איז, מיר דוכט זיך, פאַרטרערט.

הײַנט ווייס איך, אַז רעגן איז אָנהייב פון לעבן
פאַר מענטש, פאַר געוויקס, און ווי ביטער וואָלט זײַן,
ווען גאָט וואָלט קיין רעגן דער ערד ניט געגעבן.

## מײַן ערשטער װינטער

פֿאַרגײ, קאַלטע װינטער־זון, פֿאַרגײ,
דערמאָנסט מיר מײַן באָרװעסע קינדהײט אין שנײ,
לאַנגזאַם דו טרינקסט זיך אין טונקעלן פֿאַרנאַכט,
האָסט אױף מײַן גורל זיך אפֿשר פֿאַרטראַכט?

פֿאַרגײ, פֿאַרגײ, פֿרעמד־קאַלטע זון,
װען האָב איך דאָ געחלומט פֿון
אַזאַ מין פֿראָסטיקן, שנײיִקן טאָג
און אַ פֿײַכטן װינט, װאָס אין פּנים שלאָגט?

מיר טוט ניט װײ, װאָס בײַ דײַן פֿאַרגײ
בלוטיקסטו אַזױ אין פֿאַרנאַכט,
דו ביסט עס װערט, װײַל דו האָסט אױף דער ערד
דעם קאַלטן בין־השמשות געבראַכט.

# שאַטנס

די ווענט מײַנע זײַנען פֿאַרהאַנגען
מיט אומעט און בענקשאַפֿט־געוועב —
אַמאָלן, וואָס זײַנען פֿאַרגאַנגען —
פֿאַרבליבענע שאָטנס פֿון טעג.

כ׳באַטראַכט זיי, די טעג פֿון מײַן קינדהייט,
די צײַטן פֿון הונגער און לייד,
זיי שלײַכן און נעמען זיך בינדן,
און כ׳שטיי ווי געשמידט אין אַ קייט.

אַט האַלט איך אַ זויג־קאַלב אין פֿירן
אויף זאַמדיקן וועג פֿון אַ דאָרף,
די קו קוקט אויף יורש אויף אירן
און ווילד גיט אויף מיר זיך אַ וואָרף.

די קאַלב לאָז איך אָפּ און נעם לויפֿן,
די קו האָט געדעטעט איר רינד...
און איך זוך פּרנסה — פֿאַרקויפֿן
כ׳בין גרייט זיך — אַליין נאָך אַ קינד...

אַט כ׳זע זיך שוין שפּעטער מיט יאָרן,
מײַן זעט איז דער ריח פֿון ברויט.
מײַן העמד איז צעריסן געוואָרן,
און ס׳רײַסט זיך אויף מיר, דוכט, מײַן הויט.

טעג — שאָטנס מיר דריקן מײַן עלטער,
זיי הענגען בײַ מיר אויף די ווענט:
איך זעג מיט מײַן טאַטן די העלצער
מיט קליינע, מיט קינדישע הענט.

די שאָטנס פון קינדישע יאָרן
זיך וואַלגערן אומעטיק, שטום.
איך נעם זיי צונויף אין זכּרון,
זיי נעמען מיט ווי מיך אַרום.

די שאָטנס פון טעג מײַנע ליגן,
מיר דוכט, אין מײַן בענקנדן בליק.
די נעכטנס ווי שיכּור מיך וויגן
און שלעפּן מײַן האַרץ אויף צוריק.

# אין חלום

מײַנע רעיונות מיך האָבן פֿאַרטראָגן
אויף ווײַטע און פֿאַרלאָזטע וועגן,
ווי קינדער־יאָרן, ווי ווינטן, זיך יאָגן.

איך לויף, איך רוף — וואָס גיי איך זוכן? —
מײַן טאַטנס קבר, מײַן מאַמעס אַ זכר,
דעם ריח פֿון שבתדיק־זיסן קוכן.

ווי עכאָ פֿון אַ פֿאַרפּלאָנטערטן וואַלד,
קומט אַ בת־קול און זאָגט: באַלד, באַלד
וועסטו זען ווי געווען איז זייער געשטאַלט.

בײַ דער ווײַסער שול אויפֿן באַרג איך וואַרט.
כ׳רײַב אויף מײַנע אויגן, איך האָב דערוואַכט,
אַ חלום האָט ביטער מיך אָפּגענאַרט...

# מײַן חברס געשאַנק

דאָס בילד אויף מײַן װײַסער װאַנט —
די פישער־הײַזקעס, דער טײַך —
איך זע אין געדאַנק די האַנט,
װאָס געמאָלן פאַר מיר האָט װי גלײַך.

דאָס בילד אויף מײַן אַלטער װאַנט,
דער פאַרנאַכט — אַ טאָג װאָס פאַרגײט
ערגעץ װײַט בײַם הימלשן ראַנד, —
נאָר די ראָס אויף איר אָרט אַלץ שטײט.

דאָס בילד אויף מײַן װײַסער װאַנט
באַגלײט מײַנע טעג און נעכט.
מײַן בענקשאַפט — פאַרװעבט אין געװאַנט,
מײַן דעמער — אין פאַרבן־געפלעכט.

אויף מײַן װײַסער װאַנט האָט געלאָזט
מײַן חבר מיר זײַן געשאַנק —
אַזאַ שײנעם זון־פאַרגאַנג,
װאָס טריפט מיט ליכט אויף דער גראָז.

אין דער ראָס — זײַנע דאַרע הענט
גלעטן די בראָנדזענע פאַרב.
ער טראַכט — שײן מיר מאַכן די װענט,
און זײַן שטערן טיפער זיך קאַרבט.

אין דעם בילד אויף מײַן ווײַסער וואַנט
האָט מײַן חבר זיך אײַנגעראַמט,
אין גאָלד־בראָנדזענער ראַם זיך פֿאַרצאַמט
און אַליין איז ער אַוועק
אויף עפּעס אַ הימלשן וועג...

# דערציייל חבר

זײַנען שוין די טרעפּאַדאָראַס־פּלאַנצן ביז אַרויף די ווענט
פון דײַן ליכטיק ווײַס־געפאַרבטער היים?
צי קומען נאָך די פייגעלעך, ווען דײַנע הענט
מאַכן קערנער־רעגנס בײַ דעם קאָקוס־בוים?

און די קאַץ, דײַן ווײַסע קאַץ, וואָס מאַכט,
זי שפּילט זיך אַלץ נאָך מיטן שוואַרצן הינטל?
און בײַ דײַן טיר דער אָפענער דו שטייסט און לאַכסט,
און דײַן געלעכטער פליט אַוועק אויפן טראָפּיש ווינטל?

דערציייל מיר, חבר, ווען בײַ דיר דאָרט ליכטיק ווערט
און בײַ דײַן פענצטער היימיש גרינט דאָס גראָז,
ס׳איז מער אַזוינס צו זען מיר ניט באַשערט,
נאָר אַ מאָל אין חלום וואַקסן זע איך דאָס.

כ׳געדענק די קרומע פּאַלמע בײַ דײַן טיר,
די גרינבלעך־ברוינע לאַגלען קאָקוס־וואַסער.
דערציייל מיר, חבר, ווי עס גלאַנצט קאַיאָר אין ציר
פון טויעלעך דער פּאַלמע־בוים אַ נאַסער.

דערציייל וווּהין, ווי ווײַט פירט הײַנט דײַן גאַס,
מיט וועמען טרעפסטו זיך אין די פאַרנאַכטן,
צו וועמען לאַכסטו אוים דײַן כלומרשט שווערן כעס
און וועגן וואָס דו הערסט נישט אויף אַצינד צו טראַכטן.

מיר דוכט — איך זע דיך דורך מײַנע גרויס־שטאָט פענצטער,
וואָס זײַנען אין זונען־שײַן צעגלית.
איך זע דײַן געזיכט — ביז דײַן קנייטשעלע דעם קלענסטן,
ווו מיט דיר כ׳האָב שפּאַצירט — איך זע מײַנע טריט.

1976 אפּריל

## אויפשריפט אויף אַ געשענקט בוך

זאָל אַ זכר בלייַבן
אין די הענט פון אַ יונגן פרייַנד,
ווען פאַר מיר וועט שוין מער ניט זייַן
ניט קיין נעכטן און ניט קיין הייַנט — —

יעדער הייַנט ווערט אַ נעכטן,
עס איז דאָך די קונסט פון דער צייַט
די טעג אין נעכטנס פלעכטן
און זיי זאַמלען אין ניטדאָיִקער ווייַט.

יעדער הייַנט האָט אַ נעכטן,
דער נעכטן ווערט אַן אַמאָל,
און די גוטע — פּונקט ווי די שלעכטע —
קלייַבן צונויף זיך אין זעלבן טאָל.

# אַ טאָג ווערט געבוירן

פון אַ בלוטיק־קײַלעכיקן פײַער־פּלאַם
אַ יונגער טאָג דערוואַכט,
ער רײַסט זיך דורך דעם פינצטערן דאַך
פון דער שוואַרצער נאַכט.

ווען דער צעגליטער פײַער־פּלאַם
אַ ריס געטאָן האָט זיך פונעם ראַנד,
האָט די זון אין אַ גאָלדענער ראַם
געפירט אַ נײַעם טאָג בײַ דער האַנט.

און ווען דער קאַיאָר טוט אַ העל
אין יעדן טויעלע, ווי אַ טרער,
באַזעצט זיך דער טאָג אויף אונדזער שוועל
און וועקט דעם מענטש און זײַן באַגער.

אַ ליכטיקער טאָג אויף דער וועלט זיך שטעלט —
די ליכט האָט די פינצטער באַזיגט אין געפּעכט.
די זון אַ שטאָלצע מיט פריידיקייט קוועלט,
דער מענטש נאָר זיך וויגט צווישן גוטס און שלעכטס.

בײַם הויכן פענצטער פון דרײַצנטן שטאָק
איך שטיי אויך אַ שטאָלצער און באַטראַכט,
ווי עס ווערט געבוירן אַ טאָג
פון דער פינצטערער, שוואַרצער נאַכט.

יוני 1978

# ס׳ראַנגלט זיך

ס׳ראַנגלט זיך דער לעצטער קאַלטער טאָג
מיט פרילינגדיקע ערשטע זונען־שטראַלן,
עס ליגט זײַן גורל אויף דער וואָרעמס וואָג,
אין איינעם מיטןווינטער וועט ער שטאַרבן.

פעברואַר 1979

## בלומען פון פרילינג

רעגנס האָבן די נאַטור דערוועקט,
די ערד האָט אירע פלאַנצן אויפגעדעקט,
און ס׳האָט אַ גרינער טעפּעך זי באַדעקט
און האָט מיט בליִעכץ־ריחות אַלץ באַשמעקט.

באַדעקט מיט צעעפנטע קנאָספּן,
אַ ווײַסע בלום שטייט דער בוים,
די צווײַגן, צעשפּרייט ווי פליגלען,
אין ווײַסן פּערל זיך שפּיגלען.

דערשטוינט פאַר דער שיינקייט איך שטיי,
מיט דופטיקן ווינט טוט אויף מיר אויך אַ ווײ,
ווי האָט דער בוים זײַנע זון־קאָלירן
אַ גאַנצן ווינטער געלאָזן פרירן?

ס׳גיסט זיך אַרײַן אין מיר נײַ־לעבן,
יוגנט־פאַרלאַנגען וואָרעם זיך וועבן.

ווען איך זאָל קענען אַלע בלומען
אַרײַננעמען אין מײַנע לידער,
אויף רעגן־בויגנס זיי וואָלטן געקומען,
געבראַכט מיר די הימלען אַראָפּ צו דער נידער.

אָ, פרילינג, קום אין מײַן האַרץ אַרײַן,
כ׳וועל טרינקען דיך ווי גוטן ווײַן.

מאָנטקלער, מײַ 1979

# איך גראָב

איך גראָב מיט מײַן דמיון דעם סוד פון אייביקן זײַן,
ווי ס׳גראָבט דער פּויער מיט אַקער־אײַזן די ערד
און זוכט זײַן ברויט און זוכט זײַן ווײַן.

דער סוד — אין די טיפענעישן פון ימישן תּהום,
אין שעפערישע שטראַלן פון זײַן אין פײַער־שטראָם,
אין כּוח פון חיה און מילב, פון מענטש און זײַן טאָן.

אויף די שפּיצן פון הויכע הימאַלאַיען־בערג,
אויפן ראַנד פונעם בלויען הימל און גרינער ערד
עס ווערט פאַר מיר קלאָר די גרויסקייט פון אייבערשטנס ווערק.

דער מענטש איז די זון פון דעם אייביקן זײַן,
ער טראָגט זיך אַרום אויף די כוואַליעס פון שטענדיקער צײַט,
איין דור גייט אַוועק און אַ צווייטער קומט אָן און פאַרבײַט.

זײַן זין אין אַלעם דער מענטש ברענגט אַרײַן,
שאַרפט זײַן מוח, וויל ווייטיקלעך־טיפער פאַרשטיין,
ווער האָט באַשאַפן אָט דעם פאַרכּישופטן־רונדן אין־סוף
און אים, דעם מענטש דעם געקרוינטן, געלאָזט אַזוי קליין און אַליין.

## הײַנט ווי נעכטן

עס בלוטיקט די וועלט
אַ מאָל אָפֿן, אַ מאָל פֿאַרשטעלט.
די באַפֿרײַער הרגענען, שעכטן,
ווי ס'האָבן געטאָן די פֿאַרשקלאַפֿער נעכטן.

די פֿעלקער האָבן זיך אויסגעטאָן
פֿון דער אימפּעריאַלער קייט
און זיך פֿאַרוויקלט, אָנגעטאָן
אין אַ נײַעם סאָרט פֿון לייד.

וואָס איז דער חילוק אומרעכט צי רעכט,
דער טיראַן ווי באַפֿרײַער פֿאַרשוועכט,
דערשטיקט דעם גײַסט און דעם זין צעשטערט
פֿון אַלץ, וואָס עס האָט פֿאַרן מענטש אַ ווערט.

הײַנט ווי נעכטן בלוטיקט די וועלט
אַ מאָל אָפֿן, אַ מאָל פֿאַרשטעלט,
די באַפֿרײַער הרגענען, שעכטן,
ווי ס'האָבן געטאָן די טיראַנען נעכטן.

מערץ 1979

# שוימיקע כוואַליעס

די לויפנדע, שוימיקע כוואַליעס,
וואָס האָבן פאַר אַלע מײַנע יאָרן
געשלאָגן קובאַנער סקאַלע־ברעגן,
שלאָגן אויך איצט אָפּ אין מײַן זכּרון,
ווי ווײַסע וואָלן פון יִידישע כּלות.

אין די ריטמישע כוואַליע־טענץ,
אין געפלעכט פון ווײַסן שוים
איך האָב אַרײַנגעפלאָכטן
מײַן בענקשאַפט נאָך מײַן ערשטער היים.

אויפן פעלדזיקן שטיינער־ברעג
כ'האָב געשאַרפט מײַן מוט
און אין ימיקן וואַסער־ברעג
געוויילט מײַן גאַנג צווישן שלעכט און גוט.

# די עלטער

איך טראָג זיך אויף רוקן פון ווינטן
אַרויף — בלוי און אַראָפּ־צו — גרוי,
כ׳בין פֿאַרשרויפֿט אויף פֿאַרזשאַווערטע גווינטן
און כ׳ווייס ניט, ווו בין איך געגוי.

איך טראָג זיך אויף הפקר, אָן צילן,
ווו לויפסטו, דו אַלטער נאַר,
דו שרעקסט זיך פֿאַר הונטס דאָך אַ בילן,
עס ציטערט דײַן טראָט מיט געפֿאַר.

דו האָסט זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין יאָרן
שוין האַרט בײַ דער שאַרף פֿון דײַן ראַנד,
דעם חשבון פֿון צײַט האָסט פֿאַרלאָרן,
כאָטש ס׳ליגט, דאַכט, איר סוד אויף דײַן האַנט.

## ווען

ווען עס בלײַבט אַ מענטש איין האָפענונג,
איז עס מער קיין האָפענונג ניט,
ווען ס'בלײַבט אין אַ קייט איין רינג,
איז דאָס מער קיין קייט שוין ניט.

## ווען אַ מענטש...

ווען אַ מענטש טראַכט איין געדאַנק,
איז דאָס מער קיין דענקען ניט,
ווען עס בלײַבט אַ מענטש איין פאַרלאַנג,
איז דאָס מער קיין פאַרלאַנג ניט.

# אַ פֿײַער

אַ פֿײַער פֿון איין פֿונק
וועט זיך זעלטן צעבלאָזן,
אויף אַ זומפּיקן גרונט
וואַקסן זעלטן בלימל־גראָזן.

# בינען

אַרום דעם גאָרטן פון רויזן-בלומען
טראָגן זיך, פליִען אַרום די בינען,
זינגען אַ ליבע-געזאַנג און זשומען
ביז דעם זיסן ביסן זיי וועלן געפינען.

## ס׳איז ביטער

ס׳איז אַ ביטערע זאַך
נאָך אַ פײַער צו בלײַבן אָן אַ דאַך;
ס׳איז ביטער כאַפּן אַ ציטער פֿון קעלט,
ביטער איז אונטער אַ פֿלאַמיקער זון,
ווען אַ ביסעלע וואַסער פֿעלט;

ס׳איז ביטער זיך וואַלגערן אויף די וועגן
אין שטורעם, געוויטער,
אין גאַס, אין שלאַקס־רעגן.

ס׳איז ביטער דעם גלײַכן וועג פֿאַרלירן,
פֿון אַ פֿאַרפּירטן צו לאָזן זיך פֿירן.
ביטער איז אַזוי אין דער פֿרעמד,
אַ שאַרפֿער בליק, אַ פֿאַלשער שמייכל —
און דו פֿילסט זיך בײַ זיך פֿאַרשעמט.

ס׳איז ביטער, — פֿלעג מײַן מאַמע זאָגן, —
ווען די קאַשע איז שיטער.
ס׳איז ביטער, ווען בײַ אַ יונג פֿאַרפֿאָלק
צעשפּילן זיך די געמיטער...
ווער ווייסט פֿון ביטערניש דעם טעם,
ווייסט וויפֿל מין ביטערניש ס׳איז דאָ פֿאַראַן
אין נויט, אין אַנגסט, אין ווּקס פֿון אַ שטאַם.

## צום בית־מדרש

אויף אַ ווינקל פון נײַעם מאַרק
אַראָפּ צום טײַך, ניט ווײַט פון באַרג
אויסגעשטעלט זײַנען פורלעך מיט טאָרף
אין סגולם און אין מלופּנם.
פויערים פאָרן אַ גאַנצע נאַכט.
מיט קעפּ — פאַרוויקלט אין שמוציקן זאַק,
געשלעפּט זיך פון אַ ווײַטן דאָרף,
צו בייטן די שוואַרצע ערדישע וואַרעם
אויף זאַלץ, אויף גאַזע, אויף הערינג מיט ליאַק.

און אין די פאַרשנייטע פרימאָרגנס גראַד
פון די וואָכעדיק־מאַרקישע טעג
האָט אויף דעם גליטשיקן ווינטער־וועג
מײַן טאַטע מיט גלוביקן גאַנג
געשפּרײַזט אַזוי ווי מען גייט מיט געזאַנג
צו דעם בית־מדרש.

# אַ טרער

אַ טרער איז דער וויין פון צער,
אַ טרער איז נאָך מער —
אַ טרער איז פון האַרץ דער האַר.

אַ טרער איז די זאַפט פון לייד,
אַ טרער איז נאָך מער —
אַ טרער באַגלייט אַ וועלט, וואָס פאַרגייט.

אַ טרער איז דאָס בלוט פון אַ וווּנד,
ווען אַ פריינד מיט אַ פריינד זיך שיידט
אויף מער זיך ניט טרעפן אין פרייד.

אַ טרער איז די נשמה־ליכט
ביים מענטש, וואָס אַ מענטש בענטשט
און לאָזט אים ניט פאַלן ביי זיך.

# עס איז לײַכטער

עס איז לײַכטער דער װעג,
װען ס׳באַגלייט דיך אַ ציל.
עס מוטיקט דער צװעק
און ברענגט צו אַ ברעג.

איין ציל נאָר — מיר דאַכט —
דאַרף אַ סוד זײַן פאַר דיר,
דער ציל, װאָס פאַרמאַכט
דיר אױף אײביק דײַן טיר.

געװען װאָלט איין קלאָג
פון לעבן דער װעג,
װען זאָלסט װיסן דעם טאָג,
װאָס דיך ברענגט צו זײַן ברעג.

# אמת מארץ תצמח

מײַן רבי דוד שמערעלע האָט מיר געזאָגט,
אַז דער אמת פון ערד אַרויס שפּראָצט
אין די פרימאָרגנס, דאַן ווען עס טאָגט,
האָב איך די אויגן אויף אים אויסגעגלאָצט:

דער אמת, רבי — ווי קאָן דאָס זײַן?
— „יע, מײַן קינד, נאָר ניט אַלע מאָל,
מע דאַרף דאָך אַזוי פיל זונען־שײַן
און מזל — צו זען דעם אמת אַ מאָל."

אַוועק פיל יאָר, שוין גרוי די האָר,
איך זוך מיט דער שײַן פון דער זון — נאָר
ניט געפונען אַ שפּראָץ האָב איך דאָ,
זוכנדיק אים אין פאַרטאָגן.

און דער רבי איז לאַנג שוין ניטאָ,
האָב איך ניט וועמען צו פרעגן,
האָב איך ניט וועמען צו זאָגן...

ניו־יאָרק, 1979

## אין חלום איך עפן מײַנע אויגן

אין חלום איך עפן מײַנע אויגן,
אין הימלען שוועבט יופּיטער אַרום.
כ׳וויל זען, נאָר אַלץ איז מיט וואָלקנס פאַרצויגן.

אין חלום איך זוך די צווייטע זײַט
הינטער די הייכן, הינטער דער זון,
אַלץ איז מיר פרעמד, אַלץ איז מיר ווײַט.

אין חלום עס קומט מיר אַנטקעגן די צײַט
מיט חשבון, וואָס דער מענטש האָט געמאַכט,
מיט רעלאַטיוויטעט-טעאָריע איינשטיינס,
מיטן לוח און זייגער — און זי לאַכט:

— אין זיי — נאָך איין טאָג, איין יאָר זיך בײַט...
זאָג מיר מענטש, וואָס איז אייביק,
זאָג מיר, וואָס איז צײַט,
זאָג מיר, ווו סוף איז פון הימלשער ווײַט?

## צו מײַן בוים

ווי דער טויט אויף דיר וואָלט אָנגעשוועבט
מיט אַ קאַלטער גרויקייט
און אַ גאַנצן ווינטער געוועבט
אומעט, צווייפל אין מײַן דמיון.

וועסטו ווידער אויפלעבן, גרינען,
און פייגל צו דיר וועלן קומען,
ווי גלײַך צו נח׳ס תּיבה, געפינען
אַ נעסט אויף זיך פּרוכפּערן, מערן?

הײַנט כ׳זע דיך אַ פריש־צעגרינטן
צווישן דײַן בלעטער־געוועב,
בלעטער זיך סודען מיט ווינטן
וועגן דעם זומער־לעב.

זאָג מיר, בוים צעבליטער,
האָסטו ליב דײַן באַשערטן שטאַם?
שרעקט דיך אויך, ווען גאָט — דײַן היטער —
טוט אָפּ פון דיר דײַן גרינעם פלאַם?

## פֿאַרברענט געוואָרן די זון

די זון האָט זיך אויסגעהאַנגען
אויף באַבלעטערטע צווײַגן פֿון בוים,
וואָס איז ווי אַ שומר געשטאַנען אַליין
אויפֿן מערב־ווינקל פֿון וואַלד.

די קרוין פֿון בוים זיך האָט צעפֿלאַמט,
האָט די זון זיך געגעבן אַ שאַר אַראָפּ
און אָנגעצונדן גאָלדיק דעם שטאַם.

ווען די זון, אַ צעפֿײַערטע־רויטע אין פֿלאַם,
האָט זיך צעגאָסן שוין הינטערן וואַלד,
איז דער בוים, ווי אַ שאָטן פֿון זיך אַליין,
געשטאַנען אין בין־השמשות פֿאַרקלערט.

# פּאַלמעס

ס׳האָט מיך דער פֿאַרנאַכט אין כּישוף פֿאַרוויגט,
מיט זונס לעצטע שטראַלן אַרומגעשטריקט.

מיר גלעט די הענט דײַן גלאַטע קאָרע,
איך קוק צו דײַן קרוין מיט אויגן מיט קלאָרע,
וואָס נעצן זיך פֿריידיק אין טרערן־פֿײַכטקייט,
מײַן גוף זיך צאַפּלט מיט ווינטלעכעם לײַכטקייט.

איך קוק אויף דײַן געפֿלאָכטענער קרוין
פֿון לאַנגע סטענגעס גרינע,
גאָט אַליין האָט באַשאַפֿן דיך שיין
און באַפּוצט דאָ זײַן אינדזל־בינע.

נאָר ווייס, איך האָב פּשוטע ביימער געזען,
ניט פּאַלמעס, און כ׳האָב זיי ליבער פֿאַר אײַך,
מיט זיי איז אַ הייליקער נס געשען, —
פֿאַרטריקנט, — צעבליט זיי האָבן צו גלײַך.

# דײַן שאָטן

בייג זיך בוים, בייג!
קום נעענטער צו מיר,
אויף מײַן צעקנייטשטן פּנים לייג
דײַן שאָטן, מײַן הויט באַריר.

דײַנע פאַררײַסענע צווײַגן,
ווי איך, זיך רײַסן צום רוים,
אַלע חלומען מיר פון שטײַגן
און צום סוף — פון אַ שאָטן קוים.

וועמענס איז דער ערגעץ,
די ווײַט — דער דאָרטן פון חלום?
מיט וועמען מײַן בענקשאַפט אָט דאָ
מאַכט ניט קיין מאָל שלום?

און פאַר וואָס זאָל איך צאַמען מײַן ווײַטן בליק?
ער פאַרלויפט, ער פאַרפליט.
נאָר אין מײַן חלום לעבט דאָס גליק
און דאָרט, ווו דײַן פרילינג בליט.

# אַפּריל

צווישן האַרטע שטעכיקע צווײַגן
פון גרינעם צעבליטן בורגאַמביל
פאַרליבטע קעץ צערײַסן דאָס שווײַגן
פון דער נאַכט אין חודש אַפּריל.

אויף ביימער צווישן בלעטער גרינע,
ווי דער פרילינג די פּאָרלעך פּאָרט,
הייסע ליבעס, צאַרטע און דינע,
פירן פייגל מיט פולער קוואָרט.

קעצישער קוויטש, ווי געוויין פון קינדער,
גרווילט אויף די נאַכט און פאַרגייט,
אין פרײַער נאַכטיקער ליבע פון זינדער
אויף ס'נײַ ווערט לעבן פון יוגנט פאַרזייט.

# אַ שטורעם־נאַכט

געשאָלטן דער טײַוול האָט הײַנטיקע נאַכט,
זײַן קללה בילן אַרויס איצט די הינט,
און, וואָיענדיק, טראָגט זי זיך איבערן ווינט;
און באַלד האָט אַ הודזשענדיק־שטורמישע נאַכט
כמאַרעס צעוויכערטע אָנגעבראַכט
מיט פּנימער ווילדע און שוואַרצער נאָז,
זיי טוען מיט טראָפּנס אַ ניוכע דאָס גראָז,
אויפצופּרעסן ווי גרייט אין הונגער די ערד,
און אָט שוין דער הימל צעשטורעמטער ווערט,
צעשפּאָלטן אַ בליץ האָט דעם חושך פון נאַכט —
און ס'רעגנט! — די ערד אויסגעשפּילט האָט די שלאַכט.

## פאַרגעס דײַן פרילינג

דאָרט, אַוווּ די בלִיִעכץ
האָט זיך צעהוידעט אויף ביימער
און ווייעט מיט ריחות
פון ווּקס און באַשאַף,
שטייט בייז פאַר אַלע דורות דער שומר
און פאָכט מיט זײַן שווערדישער שאַרף.

צי זיך צו בלִיִונג ניט מיט געוואַלד,
ווערסט פאַלן אַ מידער,
ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער אין אַ וואַלד,
וואָס בענקט אַהיים זיך צו קערן ווידער.

באַנוג זיך מיט טעג, וואָס גייען אַוועק,
זיי האָבן דיך יום־טובדיק באַגלייט,
אַוודאי זיי ברענגען צום לעצטן ברעג,
דערפאַר האָבן זיי מיט יאָרן אין וועג
אַזוי בכּבודיק דיך באַקליידט.

## פלוצלינג־שטורעם

אין קלאַנג פון דײַן בייזן נאָמען,
אין סטיכישן לשון, וואָס הודזשעט,
כ'הער פײַפן ווינטן און וואַסערן שטראָמען,
כ'הער הילכיקער דונערן קנאַלן,
ווי גלײַך ס'וואָלט דער הימל געפאַלן,
אַן אומעט האָט שווער מיך באַפאַלן.

שטורעם, צעשטערסט און ברענגסט טויט
צו אַלץ, וואָס מענטש האָט געבויט,
רײַסט אויס וואָס מענטש האָט פאַרזייט,
איבער שיינקייט שטויבן פאַרשפּרייטסט.

# אַ רעגן

אַ גאָס-רעגן מבולט בײַ מײַן טיר,
איין טראָפּן האָט אַ װוּנק געטאָן צו מיר:
װאָס שטייסטו? קום מיט מיר איבער די גאַסן,
װעסט אפשר גאָר פֿאַר מיר אַ ליד פֿאַרפּאַסן."

כ'האָב ליב מײַן שטאָט מײַן גרויסע נאָך אַ רעגן,
װען ס'טריקענען זיך טראָטואַרן, װעגן,
כ'האָב ליב די קילקייט, די פֿאַרגייענדיקע זון,
כ'האָב ליב צו טראַכטן און צו חלומען דערפֿון.

# אין חודש מײַ

איך האָב פֿײַנט דאָס גרילן
פֿון דער גריל,
איך האָב פֿײַנט דאָס וואָיענדיקע בילן,
דאָס הינטיש געביל.

די צעבליטע נאַכט פֿון פֿרילינג
ווערט פֿאַרגרילט,
די שמעקעדיקע נאַכט פֿון פֿרילינג
ווערט פֿאַרבילט.

נאָר עס יום־טובט די גריל
די ריחות פֿון חודש מײַ,
זי בעט פֿאַר איר ליבע
זאָל בלײַבן די נאַכט געטרײַ.

נאָר ס׳וואָיעט דער הונט
זײַן אומעט אַרײַן אין דער נאַכט,
צו דעם שאָרך פֿון אַ וואַגאַבונד,
צו דעם ווײ פֿון אַ וווּנד.

צעשטערט איז מײַן פֿרילינג־נאַכט,
מײַן ליד איז צעשטערט,
פֿאַר דער גריל די נאַכט הײַנט וואַכט
און דעם הונט זי הערט.

## סוף זומער

ס׳בייגן דיביימער די גרינע קעפּ,
אונטערן רעגן אין שטורעם-ווינט
זיך טרייסלט ווי אַ לולב דער צווייַג-געוועב,
דאָס וואַסער איבער די בלעטער רינט.

אָט איז דעם זומערס סוף, זייַן פאַרגיין.
דער ווינט הודזשעט, פּייַפט אַזאַ שטיל געוויין,
נאָר אונטער די ראַנדן די זון נאָך לעבט,
פאַר אונדז אַ העלן מאָרגן זי וועבט.

כ׳וויל מיט מייַן מאַנטל אייַער וועלט,
ביימעלעך גרינע, פאַרדעקן פון קעלט ;
און ווען כ׳וואָלט געקענט, איך וואָלט מיט מייַן האַרץ
דעם וועג צו אייַך פאַרשטעלן דעם האַרבסט.

## ניטאָ קיין ווינטער

ניטאָ קיין ווינטער בײַ מיר אין מײַן היים.
צעבליטע וואַזאָנעס מיט טויִקע בלומען
מיר גריסן מיט פרילינג-דופט און מיט בוים
בײַ מײַן אַוועקגיין און בײַ מײַן קומען.

אין וואַזאָן — אַ מין וווּנדער-בוקעט —
איז מיט קנאָספּן, מיט בלעטער, מיט בלומען,
מיט לעבעדיק גרינס און מיט וויאָלעט
פון אַ פֿאַרטריקנטן צווײַג אויפגעקומען.

אין צווייטן — אַ פּאַלמע שטאָלץ זיך הויבט,
אירע לענגלעכע-גרינע פלושטשן-בלעטער
ציִען זיך צו דער ליכט פון דער שויב,
ווי גלײַך אויף אַ לייטער זיי וואָלטן געקלעטערט.

וואָס פאַר אַ שיינקייט ליגט אין אײַך,
צאַרטע רעגן-בויגנס פון בלומען,
ניטאָ מיט אײַך אויף דער וועלט קיין פאַרגלײַך,
איר האָט די פּראַכט פון קאָלירן פאַרנומען.

נאָר האַרבסטיק טרויערט מײַן געמיט,
פון איין וואַזאָן איז אַראָפּגעפאַלן
אַן אָפּגעטריקנטער, געלער גליד,
געשטאָרבן אין אים עס זײַנען די שטראַלן.

געלערנט איך האָב אײַערע בלומען־רייד,
איך ווינק צו אײַך מיט פאַרליבטע אויגן,
ס׳טוט מיר וויי, ס׳רינט אויס מײַן פרייד,
ווען כ׳זע ווי מען טראָגט אײַך אין קויש געבויגן.

מײַן צעבליטער, מײַן גרינער וואַזאָן
אָן אָפענע האַנט האַלט צו מיר אין שטרעקן,
וואָס פרעגט ער בײַ מיר, וואָס זאָגט ער מיר אָן?
זײַן אויסגעצויגענער בלאַט נעמט מיך שרעקן.

איך הער זײַן קול: ווען וועסט מער דאָ ניט זײַן,
די זון וועט ווײַטער שיקן איר שײַן,
נאָר איך, דײַן וואַזאָן, דײַן ליבסטער און שענסטער,
וועט דעמאָלט שוין שטיין אויף אַ פרעמדנס פענצטער.

# פֿאַרביסן רײַסט דער ווינט די בלעטער

פֿאַרביסן רײַסט דער ווינט די בלעטער,
טראָגט זיך אויף צעיאָגטע פֿערד,
טוט אויף די צווײַגן מיט רוגזא אַ קלעטער
און בייגט זיי אַראָפּ צו דער ערד.

אָפּגעריסענע ליגן די בלעטער,
אין אומעט פֿאַרגעלטע אַרום דעם בוים,
עס האָט דער האַרבסט — דער ווינטיקער וועטער —
אָן לעבן געלאָזט זיי, אָן אַ היים.

די צווײַגן ניט ווילן דאָס לעבן פֿאַרשפּילן,
נעמען זיי אָן בײַ די הענט זיך באַהאַרצט
און האָפֿן, דער ווינט וועט אַ מאָל זיך אײַנשטילן
און זיי וועלן איבערקומען דעם האַרבסט.

נאָוועמבער 1978

# האַרבסט

ערשט נעכטן האָבן זיי זיך געוויגט
רירעווודיקע, שפּילעוודיקע, ווי האַרפֿן־קלאַנגען,
געסודעט, געטוליעט זיך טרײַ צו די צווײַגן,
ווי אַ פֿעלד אונטער ווינט מיט די צײַטיקע זאַנגען,
ווער זשע וועט גלייבן, אַז הײַנט
וועט שוין פֿון בלעטער קיין זכר ניט בלײַבן, —

ליגן זיי וועלן פֿאַרגעלטע
אין בערגלעך, פּײַכט־אָנגעקוועלטע,
בײַם ראַנד פֿון וועג און אין שטומקייט.

בלעטער זאַפּטיקע, בלעטער גרינע,
האַרבסט האָט אײַך אָפּגעריסן
מיט רעגנדיק־ווינטיקער שׂינאה.
פֿאַר וואָס קומט עס אײַך,
איר האָט מײַן גאַס דאָך מיט שאָטן באַזאָרגט,
געקילט מיר די הייסע זומער־טעג.

פֿאַר וואָס האָט דער האַרבסט שטום געמאַכט אײַער פֿליסטער,
אָן אײַך דריקט דער אומעט מיך צו דער ערד,
איך פֿיל שוין באַצײַטנס פֿון ווינטער די קעלט.

## אַ האַרבסט־טאָג

אומעטיק בלעטער פאַרגעלטע
הענגען אויף ווייַנענדיקע צווײַגן,
די זון — ווי אַן אָפּגעהעלטע,
עס וואָיעט דער ווינט, וויל ניט שווײַגן.

פון וועגט רינען טראָפּנס, ווי טרערן,
פאַלן אויף נאַסע גאַסן,
דאָס וואַסער וויל אַלץ צעשטערן,
נאָר מענטשן זיך גייען געלאַסן.

אין נעפּל די שפּיצן פון מויערן,
אין הייך הענגט אַ גרויסער וואָלקן,
בייזע ווינטן אויף שטאָט הײַנט לויערן,
דער שד האָט דעם טאָג אויסגעמאָלקן.

## ניט גוטס, ניט שלעכטס...

עס גייט קיין זאַך, ווייזט אויס, ניט פאַרלוירן —
ניט גוטס, ניט שלעכטס — אין משך פון יאָרן,
אַלץ ליגט באַהאַלטן ביַי דיר אין זכּרון
און וועט אין איין שיינעם טאָג אַרויפשווימען.

מיט צענדליקער-צענדליקער יאָרן שפּעטער,
ווי דער שוים אויף ברויזיקע כוואַליעס,
גיט אַלץ אין זכּרון ווידער אַ קלעטער,
און לייענסט דיַין וועלט ווי פאַרשריבן אויף בלעטער.

# פֿאַראַן פֿאַרנאַכטן

פֿאַראַן פֿאַרנאַכטן, וואָס פֿאַרגייען ניט מיטן היינט,
פֿאַרנאַכטן הייביקע פֿון ליכטיק־אָפּגעלעבטע טעג,
פֿאַרנאַכטן, וואָס זיינען מיט זוניקע שטראַלן באַשיינט,
באַגלייטע פֿון מוטיקע טריט, באַרג־אַרויף זייער וועג.

פֿאַראַן פֿאַרנאַכטן, וואָס טראָגן דיך אַוועק אין אַמאָל,
פֿאַרוויקלען דיך אין רייציקן ריח פֿון גראָז און פֿון טייך,
יאָגן מיט דיר נאָך אַ מיידלשן קוש פֿונעם באַרג צו דעם טאָל,
אַזעלכע פֿאַרנאַכטן זיך האָבן אין טרוים אויך געטראָפֿן ביי אייך.

# ים

קרײַזלט זיך דעם ים׳ס אויבערפלאַך
אונטער דעם בלויען הימלס דאַך,
וויגט זיך רויִק דער ים
אין זײַן ערדענער ראָם.

איך זע איין ברעג פון דער זײַט,
דער צווייטער איז פאַר מיר אַזוי ווײַט,
נאָר איך חלום פון יענעם ברעג,
וואָס איז ערגעץ אַ פרעמדנס וועג.

איך זע דיך בלוי־גרין,
דײַן טיף האָט אַ זין,
פאַר וועמען — אַ שפּיגל,
פאַר וועמען — אַ קבר־וויגל.

דײַן אמת טיפן סוד
ווייסט נאָר דײַן גאָט ;
מיר ווייזסטו נאָר
דײַן כוואַליע, וואָס איז קלאָר.

ס׳איז דײַן אָפּגרונט שוואַרץ,
דײַן וואַסער — גרין ביזן האַרץ,
דײַן ברעג — ווײַס־גאָלדיק זאַמד
און גרוי איז אַרום דײַן ראַנד.

# ניטאָ מער ווי איין וועלט

איך קען דיך, וועלט, ניט באַגרײַפן,
ניטאָ מיט וועמען דיך צו פאַרגלײַכן,
ניטאָ מער ווי איין וועלט,
פאַר דעם אַ צווייטע אונדז פעלט.

דו פרעגסט :
ווער האָט אונדז דאָס לעבן געשיקט,
מיט צאַרטקייט און ליבע באַגליקט,
אויף קענען באַגרײַפן און פילן
צו גוטס און צו שלעכטס דעם ווילן.

עס ציט מיך דער פּוח דער העלער,
וואָס מאַכט וואַקסן אויף פעלדער,
נאָר שווער אַזוי
איז פאַרוואַנדלען
דעם וואָכיקן
טאָגס האַרטקייט
אין מילדער
פרילינגס צאַרטקייט.

# פון מײַנע ליפּן

פון מײַנע ליפּן טראָגט זיך אַ פּײַפן,
ס'וויל מײַן בענקשאַפט אין פּײַף זיך שלײַפן,
נישטערט, ווייל זיך אַליין באַגרײַפן.

דיך, בענקשאַפט, מיט גוואַלד כ'האָב אין זיך געצווימט,
האָסט יעדן מאָל מיר אַ סוד אײַנגערוימט,
זיך געבעטן: איך האָב ניט פאַר דיר קיין ווערטער,
טראָג זיך ווײַטער, צו אַנדערע ערטער.

ס'האָט דאָס לעבן די ליכט מיר פאַרשטעלט,
פון קינדהייט ס'האָט מיר רו געפעלט,
אַוווּ אַ טראָט, — האָט אים שאָטן פאַרשטעלט.

# אַ מעשׂה מיט אַ פישעלע

רינט זיך אַ טײַכעלע, רינט
צו דער װײַטער װײַט,
ניטאָ הײַנט קײן װינט,
איז זײַן רוקן גלאַטער זײַד.

זײַנען אין דעם טײַך
פאַרשידענע פיש פאַראַנען,
ניט אַלע װילן גלײַך
אַ לעבן אין װאַסער זיך זאַמען.

די, װאָס מער פאַרשטײען,
זיך געבן צום הימל אַ הײב,
װי זילבערנע כװאַליעס אין רײען,
און טויען אין לופט מע צעשטויבט.

דערװײַל האָט דערהערט
אַ פישעלע אַ גערודער,
אַ האַטשעק האָט אים געשטערט
אַנטלויפן צוריק צו זײַן ברודער,

איז דאָס פישעלע געבליבן
אין דער לופטן הענגען...
דער פישער האָט זיך געקליבן
פישלעך אַ הײם צו ברענגען.

דאָס פישל האָט זיך פאַרטראַכט:
צו וואָס דאַרף ער מיך דאָ?
צו וואָס האָט ער מיך געבראַכט?
כ'וועל דאָ ניט בלײַבן קיין שעה!

דער פישער האָט באַטראַכט
דאָס פישל פון אַלע זײַטן,
געשמייכלט און געלאַכט:
„הײַנט עסן מיר ווי בײַ לײַטן".

רינט זיך דאָס טײַכעלע, רינט
צו דער ווײַטער ווײַט,
ניטאָ הײַנט קײַן ווינט,
איז זײַן פלאַך גלאַט ווי זײַד.

## די רויטע שלאַנג

אַ בייזע שלאַנג
מיט אַ סאַמעט־גלאַנץ
פון קאָפּ ביז אָראָפּ,
כיטרע ווי אַ פוקס
האָט זיך בוימלדיק געשלענגלט
אין אַ רעגנדיקן טאָג
צו דער סטאַדע שעפּסעלעך:
— „כ׳וועל אייַך ברענגען עסן,
די וועלט וועט פון הונגער פאַרגעסן".
די שעפּעלעך האָבן פאַר פרייד געמעקעט
מיט די קעפּלעך געדרייט:
— „זאָל לעבן די שלאַנג,
זאָל לעבן דער גוטער געדאַנק!"
די שלאַנג האָט זיך כיטרע גערוקט,
מיט די אייגעלעך געווונקען, געזוכט,
ביז זי האָט די בעסטע
פאַר די העלדזלעך אָנגעכאַפּט
און זייַער בלוט אויסגעצאַפּט.

ליגט די שלאַנג אַ זאַטע און רוט,
פול מיט די שעפּעלעכס בלוט,
שמייכלט און שנאָרכעט. דאָס איז דאָס בעסטע,
וואָס אַ רויטע שלאַנג פאַר די שעפּסעלעך טוט.

## מײַן באַגילדעטער װעקזײגער

ס׳שלאָגט אוים מײַן װעקזײגער טאָגס מינוטן,
ניט פֿאַר יעדן אַ צװײטער טאָג װעט קומען,
יעדערער האָפֿט אויף אַ מאָרגן אַ גוטן,
בײַ מיר האָט דער זײגער דעם הײַנט צוגענומען.

מײַן באַגילדעטער װעקזײגער, װאָס מעסטסטו מײַן צײַט?
װוּהין פֿאַרטראָגסטו מײַן יום־טוב פֿון טעג,
פֿאַרגעסן בלײַבט ער — אין װעג ערגעץ װײַט,
מיך װעקסטו צום װאָכיקן אומזין־געיעג.

מײַן באַגילדעטער װעקזײגער שלינגט מײַנע טעג,
אפֿשר װײל אײנער דאָ בלײַבן אויף לאַנג,
לאָזט ער ניט, שלעפּט ער אים רוצחיש אװעק
אויף זײַן שאַרפֿער און שטאָלענער צװאַנג.

אפֿשר װײסט ער מײַן סוד, װיפֿל לעבן מיר בלײַבט,
אָט דער אײַזערנער מוח — דער מעסטער פֿון צײַט,
װי פֿירט ער מײַן חשבון, װען ער דאָך ניט שרײַבט,
ער נאָר פֿאַרגאַנגענע טעג דאָך קלײַבט.

מײַן באַגילדעטער װעקזײגער מיט הארץ פֿון אײַזן,
בײַ װעמען עס איז קײן רחמנות ניטאָ,
אָן מיר — װעט אַ צװײטן די טעג זײַנע װײַזן
און מער שױן ניט צײלן פֿאַר מיר כאָטש אײן שעה.

## מײַן שניט

איך האָב פֿײַנט דעם חלף,
וואָס מיט אים כ'טו אַ שניט,
ס'טוט אַ ציטער דער אַלף —
פֿון מײַן נאָמען ס'ערשטע אות
און מיט וועמען ס'הייבט אָן דער ייִד.

כ'בין אַליין דער חלף
פֿון מײַן אייגענעם שניט.
מײַן אומרו — דער אַלף
פֿון מײַן געמיט.

מײַן חלף — מײַן צונג,
נאָר מײַן שחיטה איז כּשר,
אַ שטאָך ביז דער לונג —
און אָט דאָס איז אשר.

# אַ, הימלען

אַ, הימלען, אין אײַך עפּעס גרויס איז פאַראַנען,
וואָס איך האָב אַ לעבן אַ גאַנץ ניט פאַרשטאַנען.

פאַראַן אין אײַך דער גלויבן פון מיליאָנען,
פאַראַן אין אײַך פון האָפענונג אַן אוצר,
אַן אײַך דער מענטש וואָלט לעבן דאָ ניט קאָנען.

אין ווײַטן, ווו פאַרבאָרגן ס'איז אַ סוד,
האָט צוגעטראַכט דער מענטש אַ היים פאַר גאָט.

אַ, הימלען! ס'האָט דער מענטש אײַך שטאַרק געדאַרפט,
צו זאַמלען אין אײַך גאַנצע אוצרות גלויבן,
איר האָט זײַן פאַנטאַזיע געשאַרפט
און צו דער הויך געהאָלפן אים דערהויבן.

אַן גלויבן אַז ס'איז עמעצער פאַראַנען,
וואָס משפט, וואָס גיט רעכט, באַלוינט, באַשטראָפט,
אויף וועמען וואָלט דער בידנער מענטש געהאָפט?

אין אײַך מיר האָבן גלויבן דאָך געקליבן
און אין תפילות הייליקע פאַרשריבן.
אַ, הימלען, אין אײַך עפּעס גרויס איז פאַראַנען,
וואָס איך האָב אַ לעבן אַ גאַנץ ניט פאַרשטאַנען.

# ווען איך וואָלט זײַן

ווען איך וואָלט זײַן אַ מטבע, אַ פּרוטה,
אַ קופּערנע צי אַן אײַזערנע,
וואָלטן צענדליקער מענטשן,
רײַכע, אָרעמע, שלעכטע און גוטע,

מיך גלעטן מיט זייערע פינגער און בענטשן;
וואָלט איך געווען אַ פּשוטער נומער:
אַן איינס, אַ צוויי אויף אַ גאַס, אויף אַ טיר,
וואָלטן זיך מענטשן פאַרטראַכט נעבן מיר.

ווען זײַן כ׳וואָלט דער רויך פון אַ פּאַפּיראָס,
וואָלטן מענטשן אַרײַנצײַען מיך אין די לונגען
און דאָס לעבן אײַנגעשטעלט אַן אַ פּאָר וואָס
און טיפער דעם סם־המוות געשלינגען...

שווים איך אָבער אַ טרוימער, אַ טראַכטער
אין אַן אָנוואַסערדיקן שטראָם,
כ׳שוועב אין די הימלען אַ פאַרטראַכטער,
ווען צוגעשמידט שטייען די פיס אין אַ קראָם.

# די קאָנטאַקט־לינדז

דאָס רעדעלע פּלאַסטיק אין מײַן אויג —
אַ גרויסע חכמה, ווײַל עס טויג
צו זען, וואָס איך וואָלט געווים ניט געזען,
ווען דאָס וואָלט אין מײַן אויג ניט געווען.

אין אָט דעם קליינעם שטיקעלע לענדז
איז דאָס גליק פון אַ מענטש געווענדט,
אַ ברעקעלע פּלאַסטיק אין רונדן בויג
האָט ליכטיק געמאַכט מײַן פאַרחושכט אויג.

## דער קרבן

צעווילדעוועט האָט זיך אַזוי דער ווינט,
ער וואָיעט ווי אַ טשאַטע בייזע הינט,
די שטאָט צעשטערן וועט ער ביז דער שפּענט;
ער שלאָגט זיך אָן אין ציגל־רויטע ווענט,
ביז ער צעבלוטיקט, דאַכט זיך, זײַנע הענט,
אָט אויף דער נאַסער ערד שוין ליגט זײַן קרבן,
וואָס ער, צעווילדעוועטער ווינט, האָט זיך דערוואָרבן —
אַן אָרעמע, פֿאַרבלוטיקט־טויטע שוואַלב
נעבן איר נעסט — צעריסן אויף דער האַלב.

פֿעברואַר 1977

## דער דראַנג צו לעבן

דורך אַלע צעלן פון מענטשנס לעבן
אָטעמט איין שטאַרקער פאַרלאַנג — זײַן!
קיינער ניט וויל ס'זאָל זיך זײַן כּוח אויסוועפּן,
צי ביטער אָדער צי זיס איז דער ווײַן.

ווען דער מענטש שטײַגט צו די הייכן,
צו שפּיצן פון זײַן חלום און ציל,
ווער ווייסט איר זאָגן שטײַגן דערגרייכן?
נאָר צעשטויבט, ער פאַלט באַרג אַראָפּ אין דער שטיל.

וואָס העלפט דעם מענטש דורכצוברעכן די צאַמען?
צו לעבן דער מענטש ווערט געבוירן מיט דראַנג,
מיט אים גייט ער דורך אַלע פלאַמען,
דער דראַנג איז דער שענסטער גאָטס געשאַנק.

## ווער?

ווער האָט פאַרזייט אין מיר די שרעק,
די נאָגנדיקע בענקשאַפט אָן אַ צוועק?
אין חלום איך בלאָנדזשע איינזאַם
אויף אַ ליימיק־איינזאַמען וועג.

ווער האָט פאַרזייט אין מיר דעם צער
פאַר יעדן איינעמס וויי,
די זאָרג
פאַר יעדן איינעמס געפאַר?

ווער האָט די בענקשאַפט אין מיר פאַרזייט?
ס'נאָגט אין דער נשמה נאָך אַלץ,
נאָך אַלץ וואָס פאַרגייט.

אפשר דער גויִישער הונט
אויף דער דאָרפישער גאַס
געלאָזן אין מיר
האָט די ביטערע ווונד?

אפשר די שׂנאה פון שכנים־שׂונאים —
די געסט פון וועמען מיר האָבן געלעבט —
אונדזערע ברויטגעבער,
אונדזערע קונים?

אַ גאַנץ לעבן מאַטערט די ווונד —
די שׂנאה וואָס מען טראָגט צו אונדז
אָן אַ פאַר וואָס און אָן אַ גרונט.

## אין דער פרעמד

איך בין ניט מער איך!
און אפשר בין איך ערשט איצטער איך!
איך שטיי אַליין אויף אַ פרעמדן ווינקל פון גאַס
פון אַ האַרטער, שטאָלענער שטאָט;

ברעקלעך הימל פאַרכמורעטע,
מיר שלעפן זיך נאָך די אַרויסגעריסענע וואָרצלען —
פינף און דרײַסיק־יאָריקע וואָרצלען פון זיסער ערד,
ס'גייט מיר נאָך דער ריח פון פרישן טאַבאַק,
דער אַראָמאַט פון שוואַרצער קאַפע — פאַרייִדישט,
ס'גייט נאָך מיר דער שטילער גערויש פון הויכע פאַלמען־קעפּ...

וואָרצלען, — פינף און דרײַסיק יאָר באַערדיקטע,
ווו וועל איך אײַך פאַרזעצן,
אַז ערד איז שטיין, טיר — פאַרמאַכט?!

איז שטיי איך אויף פרעמדן ווינקל פון שטאָלענער שטאָט,
מיר קענען זיך ניט... פרעמדע פנימער, פרעמדע היימען,
באַלויכטענע קאַלטע ווינקלען פון פרעמדער שטאָט,
איצט ערשט בין איך אַליין אַ פרעמדער...

ס'האָט זיך צעוויינט די נאַכט,
איך האָב געהערט איר געוויין,
אויב נעכט וויינען אויך,
הײַנט, ווי קרעכצן אַרויסגעריסענע וואָרצלען —
אַלע דרײַ זײַנען מיר אויפן קאַלטן ווינקל געבליבן שטיין.

2.9.1961

# פון לאַנד צו לאַנד

מײַן לעבן האָט זיך אין דרײַען צעטײלט,
דער גורל פֿאַר מיר האָט מײַן װעג אויסגעװײלט,
אַכצן יאָר אין פֿאַרשאָלטענעם פּוילן,
דרײַסיק — אין צװײטן — זוניקן לאַנד,
לעצטע אַכצן — מיט גאָלדענע קײטן
געבונדן מיך האָבן צום לעצטן ראַנד...

װוּהין נאָך קלײַב איך זיך איצט צו גײן
מיט מײַן אַלטיטשקן גרויען קאָפּ — —
כ׳װעל שוין בעסער דאָ בלײַבן שטײן,
ביז ס׳װעט אין מעריב די זון פֿאַרגײן.

22.4.1979

## האַוואַנאַ — אינזלשע שיינקייט

שטאָט, איך מעסט דיך מיט מײַן בליק,
מײַן בליק דײַנע בערג און טאָלן איך שיק,
מען האָט אויסגעבויט דיך אַ ניט געגלײַכטע
אויף פעלדזן, אויף שטיין, אויף גרונטן פײַכטע.

האָסט, שטאָט, אַליין זיך שיין צעטיילט,
אין יעדן ווינקל זײַן שטייגער זיך שיילט.
ווי אַנדערש ס׳איז כוואַנעלאַ און לוּיִאַנאַ,
אַפילו די ליכט איז דאָרט טונקל-גראָ.

אָט לײַכטן די צוויי־לעמפּ פון מיראַמאַר
און דער גאָרטנדיק־בלומיקער בולוואַר,
ווי שמוציק איז „דער אינדזל פון יעגלע",
ווי אָרעם און אַלט — דײַן פאָרשטאָט רעגלאַ.

ווי ליב דײַן שפּאַציר־וועג — דער מאַלעקאָן,
ווו ס׳הייבט זיך דײַן אינזלשע שיינקייט אָן —
גלאַטער, געפלאַסטערטער ברייטער וועג
אויף קאַראַיִבישן ימישן ברעג.

איבער דײַנע גאַסן — אַנאַנסן צעצונדענע
בליאַסקען אין שפּעטע שעהן פון נאַכט,
רייצן אָרעמע, מיט ווילנס געבונדענע,
מיט חלום, וואָס ווערט פונעם טאָג אויסגעלאַכט.

##ביימער אין שטאָט

אין שטאָט שטייען ביימער אומעטיק,
וואָרצלען זיך פילן ענג און פאַרשעמט,
זיי האָבן ניט ליב די ראַם פון צעמענט,
אין שטיין און אַספאַלט צו ווערן פאַרקלעמט.

נאָר מיט פײַכטקייט און גלעט פונעם ווינט,
מיט וואַסער פון פרילינגשן רעגן
האָבן זיך זייערע קרוין־קעפּ צעגרינט
און האָבן געשמייכלט דער שטאָט אַנטקעגן.

אין מיטן דער גרויס־שטאָטישער גאַס
האָט זיך אַ רייע ביימער פאַרקליבן,
מחיהדיק, בליִענדיק, פול מיט קוראַזש
אויף לאַנגע יאָרן אין שטאָט שוין פאַרבליבן.

## 35 יאָר

אַ, לאַנד מײַנס — קובאַ באַזונטע,
ווי אַ קנויל פֿאַרברענטע דראָטן
נאָך אַ פֿײַער, ליגן מײַנע יאָרן
איבער דײַנע וועגן צעשאָטן.

אַ, לאַנד מײַנס — קובאַ באַזונטע,
ווי אַ באַרג פֿאַרברענטע דראָטן
נאָך אַ שׂריפֿה, ליגן מײַנע יאָרן
איבער דיר ווי אַש צעשאָטן.

## בין־השמשות

ס׳האָט דער פֿאַרנאַכט
זיך פֿאַרטראַכט
אויף אַ ווײַל,
ווי פֿון בויגן אַ פֿײַל
זיך געגעבן אַ גליטש איבערן טײַך,
ס׳איז טונקעלער געוואָרן גלײַך,
זײַנע לעצטע שטראַלן
זײַנען מידע געפֿאַלן
און אין כּישוף געצונדן
די קרוין פֿון דער פּאַלמע —
זײַן לעצטן פֿלאַם
אין דער פֿינצטער געבונדן
צו דער פּאַלמעס שטאַם.

# מאַיאַרי

עס פּרעסן און זאַפּן אַרײַן מײַן קוק
צעריסענע שטיינער פון דײַן ברוק
איבער דײַן איינציק לאַנגער גאַס,
באַזוימט פון טײַכם וואַסער־פּאַס.

גרין־גרויע בערג אַרום מאַיאַרי,[1]
ווי שיין איז אײַער אין דער פרי,
ווען זון די שטראַלן אויף אײַך צעשיט,
ווען אײַער גראָ און גרין־גאָלד צעגליט.

אַראָפּ פון באַרג, געשעלענגלט, ניט גלײַך
גיסט זיך שטום דער מאַיאַרי־טײַך,
פאַרגעלט פון וואַשן דעם זאַמד פון בערג
און מיטשלעפּן אַלץ וואָס שטראָמען אים שטערט.

די זון שיט פײַער איבער די בערג,
אויף בלעכן פון דעכער — פײַערווערק,
אויף בלעטער פון פּאַלמעס, אויף קרוינען־שפּיץ
און העכער פון פּעכערס די זון עס בליצט.

די בערג, פּינאַרעס[2] און דו, מאַיאַרי,
מיט ווונדער מײַן האַרץ גיבן אַ ברי;
מיט אויגן צעעפנט, פון צויבער פאַרבלענדט,
אין ברכה פאַרהייב איך צו אײַך מײַנע הענט.

מײַ 1951

---

1 מאַיאַרי — אַ שטאָט אין מזרח־טייל פון קובאַנער אינדזל.
2 נאַדל־ביימער. וועלדער אויף בערג.

## האַוואַנאַ־שטאָט

לאָז, וועל איך געבן אַ טראַט
איבער פֿײַערלעך וואָס פֿינקלען,
איבער אַלע צעוואָרפֿענע ווינקלען
פֿון מײַן גרויסער שטאָט.

לאָז, ווי דו ביסט כ׳וויל דיך זען —
אַ מאַמע פֿון דורות געווען,
איבער וועלט האָסט צעטראָגן דײַן רויך
פֿון טאַבאַק פֿאַר קעניג און שייך.

דו וואַקסט פֿון קאַניע־פֿעלדער,
דײַן וויגל — פֿאַלמע־וועלדער,
דיר צערטלען ימען די פֿיס,
באַזאָרגסט די וועלט מיט זיס.

ווער זײַן קאָפּ אויף דײַן שטיין עס לייגט,
ווער זײַן ברויט נאָר אין טרערן ווייקט,
ווער מיט ווײַב און ווײַנען הוליעט,
ווער צו ליבער אין חלום זיך טוליעט,

ווער דײַן פֿינצטערניש צעשלאָגט,
ליכט אין דער נאַכט דיר טראָגט,
ווי אויף פֿאַלעם פֿון מילדן ווינט,
פֿײַערלעך, שטאָט, דיר צינדט.

שלאָף אײַן, מײַן ליכטיקע שטאָט!
ס'איז פאַר דורות אַ געבאָט:
אין דער נאַכט ניט צו וואַכן,
ניט װײנען, ניט הילכן, ניט לאַכן.

12.5.1951

# האַוואַנאַ

שטאָט פון צויבער, שטאָט פון זינגענדיקע פאַרנאַכטן,
זיסע קלאַנגען גיסטו ווי פון קאַניע־זאַפטן,
שטאָט צעפלאַמטע פון דער רומבאַ, דײַנע קלאַנגען
אויף די שפּיצן פון די פּאַלמעס האָסט צעהאַנגען,
און ווי פײַערדיקע צונגען זיי זיך הייבן,
צינדן אָן דײַן טראָפּיש בלוט און אויך דײַן גלויבן.

ס׳גליט דאָס בלוט דאָ בײַ דער העלישער מולאַטע —
דער געמיש אין איר פון שפּאַניש־הייסן טאַטן,
דער געמיש פון דער אַראַבישער אינוואַזיִע,
די צעהיצטקייט פון איר שוואַרצער פלאַם־פאַנטאַזיִע,
שטאָט פון הילכיקע און פון צעשטראַלטע פריידן,
אין ריח אײַנגעהילט פון פולווער און פון ליידן.

ניו־יאָרק, 1962

# איינגוס בײַ עכו

װאָס רײַסט איר שטיקער פֿון שטײנערנע ברעגן,
װוּ װילט איר דערגײן? װאָס װילט איר דערגרײכן?
איר קלעטערט אױף פֿרעמדע אױף ערדישע װעגן,
איר װילט גאָר צעשטערן דעם נידער, די הײכן.

דורות פֿון װאַסערן האָבן געריסן
דאָס פּנים פֿון שטײנער, פֿון פֿעלדזן, פֿון סקאַלעס,
נאָר האָבן קײן קרישקע ניט אָפּגעביסן,
געפֿאַלן צוריק זײַנען שױמיקע כװאַליעס.

ליגן זיך שטײנער בײַם װינקל פֿון אײַנגוס,
לאַכן פֿון ימישן כּעס שױן לאַנגאָנען:
אַ דאַנק פֿאַר דעם װאַסער װאָס װאַשט אונדז דאָס פּנים,
פֿאַר טענץ פֿון די כװאַליעס מיט װײַס־בלױע פֿאָנען.

און ס'טאַנצן די כװאַליעס אױף ברעגיקע שטײנער
און דורשטן אין קאַמף מיט דעם פֿעלדז זיך פֿאַרמעסטן,
זײ פֿאַלן, נאָר הערשן אױף זײ װעט ניט קײנער,
פֿאַר שײנקײט פֿון װעלטן זײ זײַנען די נעסטן.

# ניו־יאָרק

שטאָט, יצירה פון שווערער מי,
פון שוויים אונטער ברעניקער זון,
פון לײַב פון פאַרפרוירנס און ווינטער־קעלט,
יעדן ציגל פון דײַנע ווענט
האָבן געלייגט פאַרברוינטע הענט.

דאָס גלאָז פון דײַנע ליכטיקע פענצטער
האָט שניטן געלאָזט אויף דעם גלעזערס הענט
און אפשר אויך אויגן אויף שטענדיק פאַרבלענדט.
מענטש זײַן לעבן אין קאָן האָט געשטעלט —
העכער, העכער דערגרייכן.
וואָלקן־קראַצער, שטאָט, איז דײַן צייכן.

כ׳האָב ליב דיך, דײַן יעדן וועג
מיט מײַנע טריט איך גלעט,
כ׳האָב ליב דײַן יעדן בויער,
זײַן לעבן ער שטעלט אין געוועט.

איך הער דעם מאַרש פון דער שטאָט,
דעם גאַנג, דאָס טרעטן פון מחנות.
טראָט נאָך טראָט, טראָט נאָך טראָט,
לעבן — דער ציל, אַרבעט — דער תּכלית.

די מחנה — אַ הוידלקע טוט זיך אַ קער,
טראָגט זיך אַהין, טראָגט זיך אַהער,
קיינער איז ניט קיינעמס שטער,
נאָר קיינער ווייסט ניט ווער איז ווער.

די מיליאַניקע מחנה,
ווי אין וואַסער־מיל די ראָד,
טראָגט די שווערע משׂא
אין אייביקן קאַראַהאָד.

* *

איך הער דעם קלאַנג פון געבוי,
דאָס גרילצן פון רעדער אויף וועגן פון שטאָל,
די בויער, — זייער לעבן איז גרוי,
ווי גלײַך בײַ די שטיינער, וואָס פאַלן אין טאָל.

אַווו ליגט דער כּוח וואָס טרײַבט,
וואָס פירט, וואָס שטויסט און בויט?
אַווו ליגט דער ווילן, וואָס קלײַבט
מיליאָנען לײַט צו דער זעלבער צײַט?

פון יעדן פענצטער שטאַרט אַרויס אַ סוד,
פון יעדן אינגעווייד אַן אַנדער גלויבן;
אויף יעדער טיר — אַ נאָמען, אַן אַנדער שטאַם,
אָ, שטאָט פון ברעקלעך, אָ, שטאָט פון שטויבן.

אַזוי פיל וועלטן אין איין וועלט,
אַזוי פיל שטעט דאָ אין איין שטאָט,
איינע די צווייטע בייז פאַרשטעלט,
איינע פאַר דער צווייטער אַ סוד.
שטאָט — קנויף פון פאַרפּלאָנטערטע לעבנס —

אַ רעגן־בויגן פון קאָלירן,
פון מענטש, פון געמיט, פון גורל.
שטאָט וואָס פול איז מיט פרייד, מיט וויי, מיט צער,
מיט געוואַלט, מיט געפּאַר...

אין די נאַרעס פון פאַרנאַכלעסיקטע גאַסן
עס קלייבט זיך פון הונגער די קנאה.
אין סלאָמס מע אָטעמט מיט לופט מיט נאַסער,
דאָרט וואַקסט צער, ווייטאָג און שׂינאה.

ווי קען איך דיך, קאָנטראַסטן־שטאָט,
צייכענען מיט מײַן אָרעם וואָרט,
מע דאַרף אַ מין ראַם פון אַ לויפנדער ראָד
מיט אותיות גרויסע... — ניטאָ אַזאַ סאָרט.

* *

אויףביידע זײַטן פון „לאָנג איילאַנד"־וועג
רוען די קברים פון נעכטיקע בויער.
אַ שטיין, — ווען געבוירן און ווען אַוועק, —
אין שטאָט איז פאַרפלאָכטן דאָס ווינקל פון טרויער.

אויף קברים — פרישע, פאַרוועלקטע בלומען,
וואָס ווילן פאַרהיטן אַ טײַערנס זכר,
נאָר צו די מערסטע וועט קיינער ניט קומען,
פאַרגעסן זיי בלײַבן אין ערד אין דער ווייכער.

מיט אויפגאַנג פון זון אַ בליאַסק פון פאַרבן
באַפּוצט די שפּיצן פון שטאָטס בנינים,
זי איז אויף בויערס לעבן און שטאַרבן
דער אייביקער דענקמאָל, זײַן אייביק פּנים.

דײַן בליק פון דער הויך פון קאָסטיושקאָ־בריק
זעט די וווּנדער־שטאָט פון דער הײַנט און דעם נעכטן;
דער נעכטן רוט אין דער קברים־קייט,
דער מאָרגן שטאָט׳ס פאָדעם וועט ווײַטער פלעכטן.

ניו־יאָרק, 1975

## דער נײַער דאָקטאָר

שוין וואָכן אַז מע רײַסט אַרויס
דעם אַלטן איינגעווייד פון הויז —
שפּיגלען, שטולן און פּאָטעלן,
וואָס זײַנען נאָך נעכטן געווען געפעלן,
מע וועט מיט נײַע די ווינקלען באַשטעלן.

די ציגלנע ווענט וועלן ווײַטער דינען,
אַ נײַער דור וועט זײַן לעבן שפּינען,
אַ יונגער דאָקטאָר וועט דאָ היילן
און אָפּשנײַדן אפשר קראַנקע טיילן.

ליגן די רויטע ציגל און טראַכטן
פון יענע ליכטיקע פאַרנאַכטן,
ווען דער אַלטער דאָקטאָר האָט דאָ געטיילט
ברכות די קראַנקע — אַזוי געהיילט...

אויף וואַנט אַ נײַ־געמאָלן שילדל,
מע וועט ניט זען דעם אַלטן דאָקטאָרס בילדל.

## ווינטער־פאַנטאַזיע

ווען די מאַנטיקס און דינסטיקס פון חודש נאָוועמבער,
אראָפּגעריסענע פון די קאַלענדאַרן, וואַלגערן זיך
אונטער די בערשט פון די גאַסן־קערער, דערפילט
מען ביי מיר אין לאַנד אַ קילקייט.

די ערשטע דערפילן די קעלט די בלעטעלעך פון די
איינגעדאַרטע קאַלענדאַרן מיטן גרויסן אויפשריפט:
נאָוועמבער, דעצעמבער.

ס׳ווערט קאַלט ביי מיר אין לאַנד. די זון די זעלבע —
אַ וואַרעמע, אַ צעהעלטע, די ביימער צעבליטע,
די פעלדער צעגרינטע, די רויזן צעעפנטע אין
בלומיקע קאָלירן —
אַזאַ איז דער פרילינגדיקער ווינטער אין
מיין זוניק לאַנד.
ס׳איז ווינטער נאָר לויטן קאַלענדאַר; נאָר דאָס יאָר
דערפילט אַ קעלט, דערפילט זיין עלטער, ווערט
קילער, ווערט אומעטיק, גייט אוים.

# די גאַס

די גאַס,
אַן אָפּגעוואַשענע,
שטיינערדיק און גרוי
שנײַדט זיך אין דער נאַכט.
ליידיק. פּוסט.
זי גייט אין שטאָט אַרײַן.
ס'באַגלייטן די גאַס שאָטנס פון ביימער,
שאָטנס פון שאָקלענדע לאָמפּן.
דאָס ליכט, וואָס פאַלט גרוי און קאַלט,
טראָגט איך אַוועק.
— אַוווּ גייסטו? —
טוט אַ שאָרך די גרויע גאַס.

איך גיי ווײַט,
ווײַטער פון דיר,
אַ סאַך ווײַטער ווי דער מויער
פון דײַן ימיקן ברעג...
איך גיי...
דאָרטן האָט געטראָטן מײַן טאַטע
אויף בלאָטעס, אויף שטיינער,
דורך הונגער און שׂינאה.
דײַן ברעג איז מיר נאָענט,
די נאַכט מיך דערמאַנט
אין אַ ווײַטן, לאַנגן גאַנג,
אין אַן אָפּגעהאַקטן, איבערגעריסענעם
געזאַנג...

# ערבֿ נײַ־יאָר

פּיפּט עוועניו צום נײַעם יאָר איז גרייט,
פֿנימער פֿון לויפֿער און פֿון די קויפֿער
זײַנען באַדעקט מיט צעשטראַלטער פֿרייד.

דאָס שפּילצייג — געוויקלט אין גלאַנץ און ליכט,
אַ קעצעלע מיאַוקעט, אַ הינטעלע האַווקעט
און דערמאַנען די מאַמעס אין זייער פֿליכט.

קינדערלעך צו די פֿענצטער זיך קלעפּן,
זיי וואָלטן פֿאַרבלײַבן אויף אייביק דאָ,
נאָר מאַמעס פֿאַר די הענטלעך זיי שלעפּן.

די פֿאַנטאַזיִע בײַ אַ קינד —
צעשפּילט, ווי אויף ווינטן זיך טראָגט געשווינד,
עס מאָנט: אָ, מאַמע, נו קויף, כ׳וויל אַצינד.

אָן אַ שיעור האָבן קינדער פֿאַרלאַנגען,
אַ טייל אויף דער עלטער נאָר ווערט דערגרייכט,
די מערסטע — ווערן ווי שניי צעגאַנגען.

# אויף נאַכטס פֿליגלען

אָפּגעוואַשן פֿון שלאַקסרעגן,
ווי אַ לאַנגע גרויע קאַץ
וואָלט אויסגעצויגן געלעגן,
ליגט די גאַס אויף איר פּלאַץ
ליידיק, פּוסט, שטום און נאַס;
שנײַדט זיך אין דער שוואַרצער נאַכט
באַרג אַרויף די גאַס פֿון שטיין,
פֿינקטלעך ווי זי וואָלט זיך אַליין
אויף איר אייגענעם גורל פֿאַרטראַכט.

## אין אַ קאַלטן פרימאָרגן

אין קאַלטע פרימאָרגן-שעהן
הימל און וואָלקנס ווי אין אַ שפּיל
מיט רעגן און שניי דעם טאָג היינט דראָען...
נאָך אַ נאַכט פון רו און שטיל
וואַכט אויף די שטאָט.

פון הייף, אַלטע און נייע, עפענען זיך טירן,
עס שטראָמען מענטשן צום יאָך און שפּאַן,
קיינער וויל זיין טאָג ניט פאַרלירן,
כּל-זמן ס׳איז לעבן פאַראַן.

## איסט־ריווער

לאָז מיך צוטוליען נעענטער צו דיר,
טונקל־בלויער שטראָם פון שלאַנקן איסט־ריווער,
כ'האָב ליב געהאַט די ים־ברעגן פון מײַן לאַנד
און וויל זיך פרײַנדן מיט דײַן וואַסערדיקן ראַנד ווידער.

דיקע שווערע ווענט פאַרשטעלן מײַן בליק
צו דײַן בלויען שלאַנגיקן פלאַך,
שאַר איך זיך דורך די גרינפּאָינט־גאַסן אַהין און צוריק,
איך הער דאָס זינגענדיקע פליוכען פון דײַנע כוואַליעס
און זינג צו דיר אַ שוואַך.

דורות נײַע קומער אַרום דיר זיך האָבן באַזעצט,
מיט ליבשאַפט און עקשנות זייערע היימען אויפגעשטעלט.
לאָז מיך, דײַן באַטרעטער דעם לעצטן,
אויף דײַן פרײַען ראַנד אויפשטעלן אויך מײַן געצעלט.

## אַ שׂרפה אין דאַון־טאַון

עס שנײַדט דורך די פֿאַרנאַכטיקע לופֿט
דער גלאָקן־קלאַנג פֿון רויטן פֿײַער־וואָגן,
וואָרענענדיק פֿאָרער און גייער, און רופֿט,
מאָנט דעם וועג, ווו ער קען מיט דער שׂרפֿה זיך שלאָגן.

אַרום שטייען מענטשן און קוקן מיט נייגער
און טראַכטן און טראַכטן,
נאָר איינער אַ בלאַסער, אַ שווײַגער
ניט ווייסט וואָס צו טאָן איצט
מיט זײַנע פֿאַרנאַכטן...

# פֿאַר ווּעמען

האַרטע הויט אויף פֿאַרברענטע הענט,
די הענט הייבן העכער די ציגלנע ווענט,
און ס׳חלומט זיך עמעצן טיף אין דער נאַכט
פֿאַרן קאָפּ אַן אייגענער דאַך.

גלעטן די גראָבע הענט די ציגל,
ווי אַ מאַמע איר קינד בײַ דעם שפּיגל,
מישן און קנעטן געטרײַ פֿון דעם ליים
טייג אויף צו באַקן פֿאַר פֿרעמדע אַ היים.

# אויפן ראַנד פון וועג

אויפן ווינקל פון האָראַס-האַרדינג, אין ריגאָ-פּאַרק,
ביַים סוף פון 97-סטער גאַס
שטייט אַ בנין, הויך און שטאָלץ און איַיזן-שטאַרק.

איך שטיי ביַי מיַין פענצטער באַטויבט פון גערויש,
מיַין אויג קוקט זיך איַין אין באַלויכטענער נאַכט
און מיַין פאַרטראָגענער דמיון אַלץ טראַכט :

דער לאַנגער אינדזל-וועג —
אַ צעצונדענע שלאַנג ;
באַזילבערט, דוכט, לויפן די גומענע רעדער
אונטער מאַטאָרן אין פולן גאַנג.
און אויף די רעדער מענטשן פאָרן,
ווי טיַיוולאָנים, וואָלט איך געשוואָרן.
צו מיר זיך דערטראָגן
נאָר רוישיקע קלאַנגען,
ווי רעדער, מאַטאָרן וואָלטן
איבער מיַין קאָפּ זיך געטראָגן.

כ׳האָב מיַינע פענצטער פאַרשטעלט
מיט דיקן גלאָז — האַלבן צאָל, —
כּדי צו פאַרשטילן דעם רויש פון אַ וועלט,
דעם קרעכץ פון איַיזן און שטאָל
און דעם פאַרכּישופטן ווילדן גערעגע
פון שטאָט אין איר אומרו אויף דעם וועג.

אין דער פאַריאָגטער שטאָט
ניטאָ קיין רו ניט אין די טעג,
ניט אַפילו אין די נעכט.
דער שטענדיקער גערויש — אַ געבאָט,
וואָס האָט אויך די רו פון דער נאַכט פאַרשוועכט.

## ניו־יאָרק־שטאָט

שטאָט, היינט קום איך ניט
אויף דיר זיך צו באַקלאָגן,
היינט וועל איך מיין האַרץ און געמיט
מיט בלומען צו דיר דערטראָגן.

שטאָט, — געבוי פון פּראַכט, —
איך ווייס ניט צו דיר קיין גלייכן.
מיט ליבשאַפט דיך איך באַטראַכט,
דו עפנסט דיין רוים מיר דעם רייכן.

דער גורל האָט דיך פאַרשלייפט
מיט סטענגעס פון בלויע צוויי טייכן
און דיינע בנינים געשלייפט,
אַז זיי ווי דימענטן לייכטן.

ווער האָט געשטויסן דיך, שטאָט,
ביז צו די הימלען דערגרייכן?
אויף דיינע בריקן מיין טראָט
הייבט זיך אויף אין די הייכן.

היינט כ'האָב זיך ניט באַקלאָגט
אויף מיין נייער היים — דער דריטער —
נאָך דעם ווי מיך האָט געיאָגט
אויף וועלטן דער בייזער געוויטער.

איך טראָג פון חורבן דעם שניט
שאַרף אין מײַנע געהירן,
וואָס מאָנט און דערמאָנט: זאָלסט שוין ניט
דײַן היים חלילה פאַרלירן.

## זײַ געגריסט, ניו־יאָרק

פֿאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי ווינציק געזוכט,
פֿאַר וואָס האָט זיך מיר שטענדיק געדוכט,
אַז דו ביסט אַזוי אימהדיק גרויס,
אַז צו פֿיל מענטשן דו טראָגסט אין דײַן שויס?

פֿאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי ווינציק געזוכט
און נאָר אַ טייל כ'האָב פֿון דיר באַזוכט,
געמיינט שוין — אָט זע איך דיך אין גאַנצן —
דײַן שיינקייט מיט אַלע דײַנע פּלאַנצן.

עס שטייט מאַיעסטעטיש דײַן מוזעאום
אויף פֿיפֿט עוועניו — רויִק און שטום:
„ווילסט קענען וואָס עס איז אייביק — די קונסט,
די ירושה פֿון דורות — קום! —

וועסט זען די געמעלן אויף ווײַסע ווענט,
וועסט אפֿשר דערקענען אויך יענע הענט,
וואָס האָבן געשאַפֿן דעם הויכן געדאַנק
פֿאַר דיר, דעם מענטש, פֿאַר דער וועלט אַ געשאַנק".

פֿאַר וואָס האָב איך דיך אַזוי ווינציק דערקענט,
מײַן שטאָט פֿון מענטש צווישן טויבע ווענט,
אַ, שטאָט פֿון אייביקע קאָנטראַסטן —
פֿון דעם שענסטן ביז דעם פֿאַרהאַסטן.

אָ, שטאָט! פֿאַרלאָזן איך וועל דיך מיט וויי,
מײַן פּלאַם פֿון בענקשאַפֿט כ׳וועל טאָן אַ צעוויי,
ס׳וועט זײַן נאָך דײַן שיינקייט מײַן בענקעניש
און נאָך דער גריים פֿון דײַן מענטשן־געמיש.

# מאַקדאָנאַלד־עוועניו

אַז עס קומט צו די בית־עולמס,
ווערט די עלעקטרישע באַן, דוכט זיך, זאַכלעך,
זי קוקט אַראָפּ צו די גרויסע מצבֿות,
צו זייערע ייִדישע אותיות,
צו די קלמנס, צו די זלמנס,
וואָס זײַנען שוין זייערס דאָ אָפּגעפאָרן —
זייערע ביינער רוען שוין אייביק,
זיי קוקן אַרויף צו די נײַע פּאָרער,
צו אַ וועלט אַ לעבעדיקער, אַ קלאָרער...

דאָ רוען די בויער פון איסט־סאַיד,
די ערשטע פלאַנצער פון ייִדישן לעבן,
די וואָס זײַנען געקומען פון ווײַט
און האָבן פאַרנומען אויף יענער וועלט
מיט זיך זייער שטרעבן און גרויסע חלומות.

## קווינס באָראָ־בריק

בלויע ליכט־בלומען באַצירן דעם ראַנד פון בריק,
איבערן איסט־ריווער טראָגן זיך
גאָלדן אָראַנזש־פּײַערן הין און צוריק.

# אויף דײַנע ווינקלען

שטאָט, אויף דײַנע באַלויכטענע ווינקלען
פֿאַרקויפֿט זיך ווײַס און שוואַרץ ווײַב,
אויגן ביליק באַפֿאַרבטע פֿינקלען:
— קויף וואָס דו גלוסט — קלייב!

# דעצעמבער

ס'איז נאַכט אויף פּיפּט עוועניו, פּוסט און שטיל,
קיין לעבעדיקן נפש מע זעט ניט,
דאָ רוישט בײַטאָג ווי אַ ווינט אין מיל,
איצט נאָר דער וואַשער די שויבן ווישט.

די רײַכקייט פאַרדרייט דעם קאָפּ דער וועלט,
פון מאָדעס, בריליאַנטן — דער דמיון צערייצט,
נאָר אין דער נאַכט, פון חושך פאַרשטעלט,
אַ הונגעריקער שלעפּט אויף זיך זײַן קרייץ.

— היי, דו! — פון היטער זיך הערט אַ געשריי —
אַראָפּ פון דער גאַס! — דעם מענטש טוט וויי.
עס שאַרכן צעריסן די שיך אויפן שטיין,
— אַ מענטש אָן אַ היים — קלינגט אין שאָרך, דוכט, געוויין.

פון שיך — נאָר אַ זכר; זיי פאַלן אַראָפּ.
ער שלעפּט זיך ווי גלײַך אַ שאָטן, ניט גיך,
אין אַקסלען אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ —
ער טראַכט ניט פון היטער און ניט פון זיך...

אין פינצטער פאַרגליווערט שטייט אַ פיגור,
לאַנגע אַרבל אויף קורצע הענט אָנגעטאָן,
צו וואַנט צוגעבונדן — אַ זילבערנע שנור,
און דער שטאָלץ פון לאַנד הענגט אויף אים — די פאָן.

דער מענטש איז מקנא דעם מאַנעקען,
ווי אַט דער באַק איז ער שטום און בלאַס,
ער וואָלט אונטער שויב זיך געשטעלט, ווען ער קען,
כּדי זיך ניט וואַלגערן אויף דער גאַס.

— „העי, מאַנעקען, פון מיר דו לאַכסט, —
פון מײַן צעשויבערטער, קויטיקער באָרד,
דו זיצסט אין דער ווארעם — אַ מלך אין פּראַכט —
און האַלטסט מיך ניט אונטער אויך מיט קיין וואָרט."

אײַנגעשרומפּן זײַן גוסט איז ביז גאָר,
ווו צו לייגן זײַן קאָפּ אויף אַ שטיין ער קלערט.
ער טראַכט ניט פון אַלטן צי נײַעם יאָר,
אַ מידער ער פאַלט צו דער קאַלטער ערד.

# אַ שטאָט

פֿון זעקס און דרײַסיקסטן שטאָק
כ׳זע דעכער, דעכער, דעכער.
פֿון נאָענטן קלויסטער
קלינגט מאָנאָטאָן דער גלאָק —
נידעריקער, העכער,
דעכער, דעכער,
נידעריקער, העכער.

כ׳קוק אויף דיר, ווונדער־שטאָט,
הענגסט אויף אַן איבערגעברענטן דראָט,
כ׳זע דיך אַ גרויליק־צעשטערטע,
כ׳זע דיך אַן איבערגעקערטע.

מיר האָבן דערגרייכט אַ מדרגה —
מיר פֿירן זיך אַליין צו עקדה.
אָ, שיינע מענטשן־קונסט־שטאָט,
הענגסט אויף אַן איבערגעברענטן דראָט.

דעכער, דעכער, דעכער,
נידעריקער, העכער.
דײַן צודעק, מײַן שיינע ווונדער־שטאָט,
איז פֿון דער נײַער צײַט באַדראָט.
איך דריק דיך בײַם אָפּשייד צום האַרצן,
כ׳זע וואָלקנס רויך אויף דײַן הימל שטאַרצן.

ניו־יאָרק, 22.4.1979

## צו דיר, מײַן שטאָט

איך וואַרף אַ שאַרפֿן בליק
איבער דער גרויסער שטאָט,
ניט אין יעדער ווינקל דאָ איז גליק,
ניט אין יעדן ווינקל דאָ איז געבאָט.

אַ שטאָט פֿון אַזוי פֿיל גלויבנס,
פֿון אַזוי פֿיל פֿעלקער, קאָלירן,
קען אַלץ ניט זײַן דאָ געהויבן —
יעדער ווינקל זיך פֿירט ווי עס קען זיך פֿירן.

## נײַע צײַטן

איך האָב געזען בויען אַ שטוב,
אויסגראָבן אַ טיפן גרוב,
דאָ וועט זײַן דער קעלער
און אַרום, אַ ביסעלע שמעלער,
וועט זײַן דער פונדאַמענט...
שטיינער, זאַמד, נאָר ווינציק צעמענט.

איך האָב געזען בויען אַ הויז
פון ציגל, פון אַלץ — מיט שינדל אַ דאַך,
הענט, פולע מיט פרייד באַגלייט,
אַ היים מע בויט, מע גרייט!
הײַנט זע איך נאָר שטאָל און בעטאָן נאָר בלויז.
און שטאָקן — איינער אויפן צווייטן, אַ סאַך.

דער מענטש איז מער ניט דער גרעבער הײַנט
מיט רידל, מיט אײַזערנעם לאָם,
הײַנט האַלט ער נאָר דאָס רעדל אין האַנט
און שיקט, ווו ער דאַרף, דעם עלעקטרישן שטראָם.
און דער גרויסער גאָפּל פון גראָב-מאַשין
רײַסט די ערד-שאַכט אַהער און אַהין.

# ריזן־שטאָט

שטאָט, איך לעב אין דיר מיט צוואַנג,
דו זויגסט אויס מײַן לעבן ווי אַ שלאַנג
אין שטענדיקן געדרענג און אין געיעגן,
די ווענט, ווי אַ צאַם, פֿאַרשטעלן די וועגן.

פֿאַרשטעלסט די גרינקייט פֿון פֿעלד און וואַלד,
דו טוסט ניט קיין שמייכל, דײַן פּנים איז קאַלט.
די דעכער פֿאַרשטעלן די בלויקייט פֿון הימלען,
אין שטומער פֿאַרעלנטקייט מענטשן דאָ שימלען.

ריזן־שטאָט פֿון שטאָל און שטיין,
קיינער הערט ניט אין דיר קיינעמס געוויין,
אין חלום די הענט צו די שטראַלן זיך ציִען,
נאָר פֿליגלען, אין אײַזן געשמידטע, ניט פֿליִען.

# אַמאָל

ריזן־שטאָט פֿון גלאָז און שטאָל,
פֿול מיט אומרו איז דײַן הײַנט,
טראַכט איך פֿון דײַן ווײַטן אַמאָל,
ווען הימלען בלוי האָבן דיך באַשײַנט.

טראַכט איך איצט פֿון דײַן אַמאָל,
ווען אינדיאַנער אויף רײַטפֿערד
האָבן געיאָגט אויף באַרג, אויף טאָל,
אויף שטיינערנער דיקער פֿרײַער ערד.

טראַכט איך פֿון דײַן ווײַטן אַמאָל
אָן גלאָז און אָן שטאָל,
ניטאָ מיט דיר איז קיין פֿאַרגלײַך,
קיינעמס אינדזל צווישן האָדסאָן
און דעם איסט־ריווער טײַך.

יאַנואַר 1979

## מײַן ערשטע הײם

וואָס גײסטו מיר נאָך
מיט די טעג פֿון דער וואָך,
מיט דײַן גויִישן נאָמען
און מיט יִדישע קראָמען.

ווי אַן אַלטע סאָסנע לאַנג,
ווי אַ סטרונע גלײַך און שלאַנק
ליגן פֿאַר מײַנע אויגן
דרײַ גאַסן בײַ דיר אויסגעצויגן.

אַרום דעם נײַעם מאַרק,
וואָס דרימלט בײַם הויכן באַרג,
ציגלנע הײַזער — פֿאַר דורות אַ הײם —
געפֿלאָכטן ווי צווײַגן אויף אַ בוים.

איך וואַלגער זיך אום אויף דער וועלט,
מײַן געבוירן-הײם מיר פֿעלט,
מײַן הײם לעבט אין מײַן זכּרון,
כאָטש כ׳ווײס — זי איז צעשטערט געוואָרן.

וואָס גײסטו מיר נאָך
מיט די טעג פֿון דער וואָך,
וואָס מאָנסטו פֿון מײַן לעבן ?
נאָר אַ טרער כ׳קען דיר געבן,
נאָר מײַן האַרץ כ׳קען דיר שענקען —
אַ האַרץ, וואָס הערט ניט אויף צו בענקען.

## מײַן ייִדיש וואָרט

מײַן וועלט איז פֿרײַ,
ווי דער ווינט אָן אַ צאַם,
זי איז אַלט און נײַ
מיט איר שניט און קלעם.

מיט ווײ איז געפּאָרט
מײַן צווײַג און מײַן שטאַם,
אין מײַן ייִדיש וואָרט
פֿלאַקערט דער פֿלאַם
פֿון על קידוש השם.

## דער טרויער־וועג צו יד ושם

אויף גרויע ברעטלעך —
צעבראָכענע אותיות־נעמען
פון יידישע חרובע שטעטלעך.

ווי דעם בינען־שטאָק — אַזוי לעכערן מײַן פלייש
ווייטאָגן פון מײַן צעפּײַניקט הארץ.
די נעמען ברענען,
ווי אָנגעצונדענע ליכט,
און פאַרשעמען
פעלקער, עדות, וועלט,
וואָס האָבן דעם מאָרד
ניט אָפּגעשטעלט.

צינדן זיך אין מוח
ספקות־פונקען,
וואָס קען שוין מענטש זײַן,
אויב ער אַזוי איז געזונקען?
עס פירט דער וועג צו ווייטאָג און קלעם,
צו הייליקן זכר — צו יד ושם.

## פון אַלע ייִדישע ליידן כ׳וועל אַ מצבה אויפשטעלן

ווּ איז עס מײַן אָרעם שטעטל מיט גאַסן ברוקירטע,
ווּ זײַנען די בעלי בתים, די הײַזער, די היימען,
אין אָרעמקייט געבויטע, מיט טרויער באַצירטע
פון דעם פונדאַמענט ביז ציגלנעם קוימען.

דורות מי, פּראַצע און ווילן, עקשנות,
הילף די שכנים און ווּנטשן און ברכות,
אין הונגער, אין דלות, אין שווערע הלוואות
געבויט האָט מען היימען פאַר די משפחות.

ווּ איז דער בית-עולם, — מצבות, ווי זײַלן,
געשטעלט נאָך מײַן טאַטן, נאָך טײַערער מאַמען?
די פּרײַטיקס? — מע פלעגט אין בית-מדרש זיך אײַלן
חלילה קבלת-שבת ניט צו פאַרזאַמען.

כ׳טראָג אין מײַן צעווייטאָגטן האַרצן, מײַן שטאָט, דײַן זכר,
דאָס וואַסער פון באָברע, ווּ איך בין געשווּומען,
דאָס זאָרגפולע לעבן פון טאַטן דעם סוחר,
דעם צער פון מײַן שבט, וואָס איז אומגעקומען.

וויפל מאָל שעלט איך דיך, לאַנד פון געבאָרן,
דו האָסט צעשטערט מיר מײַן היים און מײַן פרידן,
און נאָר דער בית-מדרש נאָך לעבט אין זכּרון,
דער שם פון די אָרבעטזאַם-טײַערע ייִדן.

אָפּט איך פֿאַרבלאָנדזשע צו דיר אין מײַן חלום,
ס'דוכט מיר, כ'וועל אַלעמען טרעפֿן, געפֿינען,
קולות באַקאַנטע, דוכט, זאָגן מיר שלום,
זאָל זײַן אַז זיי האָבן מיך אַלע אין זינען?

די באָרד פֿון מײַן טאַטן — אַ ברייטע, געל־גרויע,
שוועבט אין לבנה־שײַן ווי אַ מעשׂה,
טראָגט זיך צו פֿענצטערלעך הימלדיק־בלויע,
וואָס קוקן פֿון באַרגיקער שול פֿון דער ווײַסער.

עס קוקן פֿון ווענט דאָ געשטאַלטן געהיימע,
פּנימער פֿון די פֿאַרשניטענע דורות,
וואָס האָבן אַליין דאָ געבויט זייערע היימען
און ליכט אָנגעצונדן אין שיינע מנורות.

ייִדישע נעמען — זיי רוישן אין גראָזן,
זיי ווילן די אייגענע ערד ניט פֿאַרלאָזן,
מע זעט ווי זיי לויכטן אין אויפֿגאַנג אין ראָזן,
מע הערט זייער ניגון אין ווינטן, וואָס בלאָזן.

פֿון קברים זיך טראָגן, דוכט, טרויער־געוויינען:
— מיר ווייסן איר האָט אונדז אַליין ניט געלאָזן,
אין הערצער איר טראָגט אונדז — די ווײַסע געביינען,
וואָס רוען ניט אונטער צעוואַקסענע גראָזן."

איך זע אים, דעם אוהל אויף קבר פון ביילקען,
אויף ווינטער פאַר אָרעמע האָלץ פלעג זי שיקן,
איר נאָמען געבליבן פאַר אונדז איז פאַרהייליקט,
אונדז גייען אַלץ נאָך אירע ליכטיקע בליקן.

לייזער-ציבל אַ ייִד מיט אַ שטאַרקן זכּרון —
יעדער נאַכט טראָגט ער האָלץ צו דיאָדי דעם בעקער,
געדענקט יעדנס יאָרצײַט און יעדנס געבאָרן,
ער קען אויך גמרא, דער ייִד, אָט דער העקער.

נאַכט. ס'הערט דער קלונג זיך פון האַמער פון שווערן,
דרײַ דינע קלאַנגען עס לאָזן זיך הערן,
לייזער דער שמיד — מיט אַ פּנים פול זאָרגן —
שמידט איצט אַן אַקער, וואָס גרייט דאַרף זײַן מאָרגן.

געשמידט האָט ער וועגענער, אַקערס און רעדער
פאַר פויערשע יאַזדעס, פאַר פעלדער און סעדער;
צו מינחה ווערט שטיל שוין דער בלאָזזאַק, דער האַמער
אין קוזניע, אין לייזערלס הייליקער קאַמער.

אַווו איז דער שמיד איצט? מטמא די קוזניע!
ווער האָט אים דערמאָרדעט, גערויבט זײַן ירושה,
די פּראַצע, די זאָרגן פון דורות, פון יאָרן?
אַ, גאָט פון נקמה, פאַר וועמען דײַן צאָרן?!

עס האָט צוויי פּרנסות אַזש שׂמחה דער פּאַכטער —
אַ בעל־עגלה, ווי סטעפּ אַ פּאַרטראַכטער,
אַ ייִד מיט צעוואַקסענע באַרגיקע פּלייצעס
געהאַלטן האָט פעסט אין ידיים די לייצעס.

אין שול אויף די אַלטיטשקע וועגט רוט די שכינה,
שוין אײַנגעזאַפּט האָבן די שטיינער די תּפילה.
„חי רובל פאַר פּתיחת נעילה" — זיך הערט פון דער בימה,
— „און צוואַנציק" — ברומט עמעץ אויף נאָטע אויף שטילער.

די באַרגיקע ווינטמיל מיט פויגלשע פליגל
וויגט ווי אויף שטריק זיך — אַ קינדעריש וויגל.
רב אַלטער דער מילנער מיט באָרד מיט דער שוואַרצער
ברענגט יעדער וואָרט זײַנס אַרויס פונעם האַרצן.

שאָקלט די מיל זיך, ווי גלײַך אַ הושענא,
אַט לאַנגזאַם, אַט שנעלער די פליגלען זיך דרייען,
דער מילשטיין וויל אויסקרעכצן, דוכט זיך, אַ טענה,
און ס'שיטן זיך גרײַפּעלעך מעל, ווי די שנייען.

לייב־יאַנקלס — די נעמען פון טאַטן און זיידן —
אַ קצב אום זומער. נאָר קומט אָן דער ווינטער,
ער האַנדלט מיט פעלן און שרײַט, אַז פון ביידע
אַט־אַ די פּרנסות ער בלײַבט נאָר דערונטער.

ווער האָט געירשנט די בענטשליַיכטער, ריַיכע
מיט טרערן פון יידישע מאַמעס.
אָך, טיַיכן פון טרערן, געליַיטערט אין פלאַמען
פון ליכט אין די מעשענע, זילבערנע ליַיכטער.

ס׳בלוטיקט די זון ביַים פאַרגיין אויף מיַין שטעטל,
וואָס ברענט מיט דעם לעצטן שוין שטעטלשן ברעטל,
אונטער אַ רויך פון מיַין עדה דאָס פּנים.
און ווּ איז די שול אַזוי פול צו הבדלה
מיט ריחות פון נאָענטע יידן מיט בשׂמים — —
אוועק איז אַ וועלט אין מלחמה-בהלה.

* *

איַיער הייליקן זכר כ׳וועל פאַרהייבן,
אין זכּרון פון אַלע לעבעדיקע
איַיך שטעלן אַ נר-תּמיד ;
כ׳וועל פון שטיינערנעם בית-המדרש בריקל,
פון אַלע מצבות אויף הייליקן אָרט,
פון אַלע אותיות אין יידישן אַלף-בית,
פון אַלע יידישע ליידן
אַ מצבה אויף אייביק איַיך שטעלן ;
די מצבה וועט דערגרייכן די שטומע הימלען,
נאָך העכער זיך הייבן עס וועט דער שטיין,
און אויף אים וועט מיט אות פון פּיַין און געוויין

בנימין דער סופר אויפשרייבן:
— וועלט, האָסט אונדזערע לעבנס
אין צוואַנגען פון ווייטאָג און צער פאַרקלעמט.
וועלט! זיי אייביק פאַרשעמט!

איך בין דיך מספּיד, מיין היים, מיין שטעטל,
אייערע נעמען ביי מיר אין זכּרון
כ׳וועל טראָגן אַלע מיינע יאָרן.

* *

מיין צער וועט ניט היילן מיין פאָלקס וווּנדן,
מיין ווי וועט די קדושים ניט ברענגען צום לעבן,
נאָך זיי זאָל דאָס האַרץ נאָר לייכטער צינדן
און דאָרט זייער אָנדענק זאָל אייביק וועבן.

## כ׳האָב ליב יעדער יִידיש אות

שטעל די יִידישע אותיות אוים אין אַ קרײַז —
די זײַלן פון אָפּשטאַם דײַנעם און לשון,
פון רייכער ירושה דער שענסטער באַווײַז.
ניט וואַרף אים, דײַן שניט, אין קיין פרעמדע קוישן.

געדענק וואָס דײַן פאָלק האָט דער מענטשהייט געשענקט —
אַ וואָס פאַר אַ תּורה, אַ וועלכע געבאָטן,
נאָר זי האָט נאָך אונדזער בלוט געבענקט,
געוואָלט אונדז דערזען נאָר צעשטערט און צעטראָטן.

כ׳האָב ליב יעדער יִידיש אות, יעדער וואָרט —
די סטרונעס פון אונדזער צעהילכטער נשמה,
מיר האָבן מיט לעבנס פאַר תּורה געצאָלט,
מיר דאַרשטן נאָך גלויבן און ניט נאָך נקמה.

## זעקס ליכט

צינד איך אָן זעקס ליכט,
אויף מײַן צעוויינטאָגט געזיכט
קײַקלען זיך גאָליקע טרערן:
איר וועט ניט פאַרגעסן ווערן.

זעקס ליכט, וואָס פינצטער ברענען,
די וועלט מיט חושך פאַרשעמען,
אײַער חלב פון לײַב איז געקנאָטן,
נקמה האָט איר אונדז געבאָטן.

אײַער אָנדענק, זעקס מיליאָן —
אויסגעקריצט איז אויף אונדזער פאָן
און אין פלייש פאַרקריצט טיף־גלייביק
אויף אייביק, אויף אייביק, אויף אייביק.

## אַ נשמה ברענט

אַ נשמה ברענט
צווישן אייגענע ווענט,
ס'זעט ניט קיינער, —
נאָר איר באַוויינער...

ווען ס'ווייטאָגט דער פלאַם
פון צער אָן אַ צאַם,
דער זשאַר ניט צעשאַר,
ס'ווערט נאָך טיפער דער צער.

## איך האָב דיך פײַנט, נאַצי

איך וויל מײַן טיפֿן צער
אויף שטיקער צערײַסן
און מיט דעם כּוח פֿון שטורמישע ווינטן
אין פֿינצטערן פּנים דיר שמײַסן.

האָסט אַ דור אין זײַן בלוט דערטרונקען,
און די וועלט איז אין חרפּה פֿאַרזונקען,
וועסט דורות לאַנג טראָגן דעם סימן פֿון שאַנד
אויף דײַן פּרצוף, דײַן שטערן און דײַן האַנט.

אוי, דו יונקערשער, נאַצישער שטיוול,
ביסט נאָך מער הײַנט פֿון מיר פֿאַרהאַסט,
ווען כ'הער, ס'וויל די וועלט אַלץ דיך טראָגן,
פֿאַר איר בלוטיקן גאַנג דו פּאַסט.

# אין אומעט

אין אומעט וויקלען זיך מײַנע חלומות,
ווי ס׳וויקלען אין שימל זיך אַלטע שמות.
חלומות זיך ציִען צום אַלטן מאַרק,
צו שבת און יום־טוב, צו שול אויפן באַרג,

צו בלאָטיקע גאַסן, צו זאַמדיקע וועגן,
צום בין־השמשות בײַ באָברעס ברעגן,
צום בריקל פון דעם בית־מדרש דעם אַלטן,
צו ייִדישע טריט אויפן שניי אויפן קאַלטן.

ר׳ מרדכי אשרס — מײַן זיידע מיט ווײַסער באָרד,
ר׳ אשר מרדכיס — זײַן זון — אויף ירידן קיין לייפּציג פֿאָרט,
ר׳ יצחק אשרס — דער איידעם... אַלע טראָגן דעם נאָמען
פון זיידן — פון חכמה און ניט פון קיין קראָמען.

נאָך שטייט פֿאַר מײַן בליק דאָס בית־המדרש געסל,
די טיר פון דער טורמע אין מאַרק מיט אַ שליסל,
די טורמע — פֿאַר גויִם, שיכּורים, פֿאַר שלעגער,
געזעסן אַ ייִד איז דאָ זעלטן־ווען. איין מאָל אַ טרעגער,

דער צווייטער — פֿאַר ניט קיין באַצאָלטן פּאַטענט,
פֿאַר פלעשלעך מיט נײַנציקער, וואָס פאַרשטופּט אין די ווענט.

מײַן שטעטעלע גאָניאָדז, ניטאָ איז שוין מער יענער ריח
פון ערב פּסח, דערשטיקט אים עם האָט דער רוצח.

און ס׳טונקט זיך מײַן נעכטן אין טיפֿן און בלוטיקן שאָטן,
ווי זײַן וואָלט די זון אינעם בלוט פֿון מײַן פֿאָלק שוין פֿאַרקנאָטן,
מיר לייגן אַוועק זיך חלומות ווי בערג אויף די טעג,
ווי זעגעכץ, וואָס שיט זיך פֿון אונטער דער שנײַדיקער זעג.

## כ׳קען ניט מער

מתפלל זײַן איך קען ניט מער, איך בין שוין לאַנג אַ מידער,
דורות תּפילות שפּאַלטן אַלע דײַנע טויבע הימלען,
אין גאַז-אויוונס זיך וואַלגערן מיליאָנען שוואַרצע גלידער.

צו וועמען ווענדן אונדזער טרער און אונדזער בלוטן-תּביעה,
אַז ס׳איז אַ וועלט אָן מענטשן-רעכט, אָן יושר, אָן געווימן,
וואָס גייט אַוועק אַלץ נעענטער צו בלוטנדיקער שקיעה.

מיר בעטן גנאָד בײַ דיר, אָ, גאָט, און יושר בײַ דיר מאָנען,
מיר צינדן אָן זעקס שוואַרצע ליכט פון טרויער פאַר אַזכּרה
נאָך די אומגעברענגטע זעקס מיליאָנען.

## ניטאָ מער

איך בענק נאָך אַ פֿאַרשניטענער וועלט,
ניטאָ מער נאָך וואָס צו בענקען,
חורבות, קאָשמאַרן, ס׳גייט דורך אַ קעלט,
כ׳קען זיי נאָר מײַנע טרערן שענקען.

איך קען ניט פֿאַרגעסן יענץ בילד,
וואָס יאָרן האָבן געמאָלט מיר פֿײַן,
איצט ווערט ניט מײַן ווייטאָג אין האַרץ געשטילט,
ווײַל ס׳איז צעבראָכן מײַן פֿריידיקע שײַן.

# מײַן חלום

מײַן טאַטע האַלט מיך פֿאַר דער האַנט,
פֿירט מיך צו דער מזרח־וואַנט
אין אַ װינטער־שבת אַ גרויען, —
אַט דעם בית־מדרש האָט נאָך אַ מאָל
מײַן עלטער־זיידע געהאָלפֿן בויען.

שוואַרצע לעכער — די פֿענצטער
פֿון בית־המדרש דעם אַלטן,
ליידיק דער אָרון־קודש — אַ מורא!
אין דער קרוין זײַנעם — טיפֿע שפּאַלטן,
דער פּרוכת, די ספֿר־תּורות
האָבן זיך, דוכט, ווי באַהאַלטן.

דורך די לעכער, אָן די שויבן,
עס הערט זיך פֿון כּל נדרי דער קלאַנג,
אויף דאַך פֿונעם פּאָליש — צוויי ווײַסע טויבן
הערן זיך צו צו דעם געזאַנג.

די טויבן, זיי זײַנען זיך צעפֿלויגן,
געבליבן איז נאָר אַ באַרג מיט אַש:
שטיקלעך קאַכל פֿון גרויסן אויוון,
פֿאַרברענטע שמות פֿון ספֿרים, פֿון ש״ס...

יולי 1977

## מײַנע טעג

האַרבסטיקע טעג מיך לאָזן ניט אָפּ,
בינדן מיך ווי מיט לאַנגע שטריק,
זיך וויקלען אַרום מײַן גרויען קאָפּ
און שלעפּן מיך צו די נעכטנס צוריק.

דערשטיקטע לעבנס פון מײַן דור
ווי לעבעדיק רינגלען מיך אַרום,
נאָענטע, ליכטיקע, אַזוי קלאָר
שעפּטשען צו מיר: — קום, קום.

## ווער וועט?

ווער וועט נאָך מיר דערמאָנען מײַן גלויביקן טאַטן
און מיט די לאַנגע צעפּ אונטערן שײַטל — מײַן מאַמען?
ווער וועט זייערע געשטאַלטן
אין זכרון קומען אײַנצוראַמען?

ווער וועט נאָך מיר די שווערע זייערע קרבנות פאַרגעדענקען
און די גרייטקייט פאַר די קינדער
זייער לעבן טרײַ אַוועקצושענקען?

ווער־זשע וועט נאָך מיר
מײַן טאַטן מײַן הערלעכן דערמאָנען
מיט זײַן אמונה האַרציקער אין גאָט,
ביז ס'איז זײַן וועלט און זײַן בית־מדרש־שטאָט
אין מזרח־וואַנט געוואָרן וויסט צעשטערט,
ביז עס זײַנען טאַטע־מאַמעס קברים —
צעאַקערט, גלײַך ווי אָפּגעווישט פון ערד...

# כאַצקל דער טאַנדעטניק

ס'דוכט מיר, אַז איך מאַך ניט קיין טעות:
אין חלום ביַי נאַכט — אַ מאַרק מיט גויעס,
עס קוואַקען הינער, אַ חזיר ריטשעט,
אַ פערד פרעסט היי, אַ הינט עס קוויטשעט.

אין מיטן מאַרק, אויפן וועג דעם ברייטן,
פוןביידע זיַיטן אויף שטאַנגען צעהאַנגען
עס זיַינען הויזן און קעסטלעך מיט קווייטן,
די קונים פאַרגליווערט, ניט קענען דערלאַנגען.

ביַי זיַיט פון שטאַנגען, אין ביַידלעך — ייִדן,
אויך כאַצקל פראַנצויזלס, דער טאַנדעטניק,
וואָס שלעפּט זיך פון מאַרק צו מאַרק אויף ירידן.
כ'דערזע אויף זיַין האַנט דעם שוואַרצן שטעמפּל,
פאַרבליבן ער איינער — כאַצקל קאַצעטניק.

## מײַן טראָט אויף ישׂראל־ערד

יעדער שטויבל,
יעדער שטיינדל —
זאַפּטיקע טראָפּנס חיות —
פֿאַרהײלן,
פֿאַרגלעטן מניעות.

שטעלסט דײַן טראָט,
פֿילסט דעם ברי פֿון הײליקער ערד.
אונטער דײַנע פֿיס טרעשטשען די שטײנער,
װי האַרטע צעקלאַפּטע נים.
זײ דערמאַנען אין „טרוקענע בײנער"
פֿון נביאישן חזיון,
װאָס דאַרפֿן איצט אַרויפֿציִען פֿלײש און הויט.

דו קוקסט אַרום — ס'איז אמת!
ס'װערט אויף שטײן אַ לאַנד געבױט,
דערפֿילסט דעם ברי פֿון אײגענער ערד,
דו קוקסט אַרום — ס'איז אמת — עס װערט
דײַן מדינה — דײַן ערד.

שטעלסט דײַן טראָט,
גרילץ פֿון שטײן דו הערסט:
„דײַן טאַטנס גאָט!"
דערפֿילסט דעם ברי פֿון הײליקער ערד,
װאָס דערמאַנט אין באַגינען,
אין דעם פּרי פֿון מענטשנס גלויבן,
װען ער האָט זיך פֿון באַרג צו גאָט דערהױבן.

די צעקרישלטע שטיינדלעך אויף באַרג
לעכערן ניט מײַנע — איבער וועלט געגאַנגענע פּיס,
זיי גלעטן מײַן טראָט,
אין מײַן בלוט זיך אַ וואַרעמקייט גיסט.

## אין אומרו

צו קאַפּלאַנס אַפּפאַר קיין ישׂראל

אויף אַדלערס מיט שטורמישן רויש פון מאָטאָרן
זין דײַנע קומען און זיך צעפּאָרן.

און אויגן גלאַנצן אין פײַכטקייט פון טרערן,
דערוויַיטערן ווערט זיך אַ פרײַנד — באַלד ניט ווערן...
און איך וועל ניט זען אים און וועל אים ניט הערן,
נאָר חלומען, בענקען, געדענקען און קלערן,

און אויסקוקן אויגן, און וואַרטן אויף פרייד,
מיט אָפענע אָרעמס צו האַלדזן אים גרייט,
און וואַרטן, דערוואַרטן זיך, זען ווי ער קומט
און פילן דאָס גליק — דו נעמסט אים אַרום.

עס הייבט זיך אין הייכן דער עראָפּלאַן,
און מײַן פרײַנד איז דאָרט דאָ.
זאָל גליקלעך זײַן די נסיעה פאַר די,
וואָס פליִען מיט אים אין דער נאַכטיקער שעה.

# ברוכן פון ויילן

צעשפּאָלטענע שטיקער פון רונדיקן שטיין,
קרוינען פון זײַלן, פּיעדעסטאַלן
מיט לעבן פון ווײַטע אַמאָלן,
רעשטלעך פון רוימישן אַמפיטעאַטער —
דער זכר פון שטאָט קסריה.

איך לייג מײַן האַנט אויף אַ שפּאַלט,
אַ קרישקע זאַמד צו דער ערד פאַלט,
ס'הערט זיך אַ שטילער אָפּקלאַנג:
— דו ווייסט וויפל איך בין אַלט?

אין מײַן דמיון כ'זע די הענט,
וואָס האָבן די זײַלן מיט ליבשאַפט געגלעט
און אין שטיין זייערע הענט
אויף אייביק פאַרוועבט.

נאָר פלוצלינג — אַ ווייטאָגדיקער שטאָך
אין מײַן דורותדיקן זכרון —
רוים, אַמפיטעאַטער, גלאַדיאַטאָרן...

אפריל 1976

## צפת

איבער באַרג — באַרג אויף באַרג,
איבער זיי — אַ בלויער קרישטאָלענער הימל.
אויף יעדן באַרג — זײַן רוקן, זײַן קאַרק ;
פאַרהילט אין דורותדיק-אַלטיטשקן שימל,
שטייען פאַרקלעמטע, געבויגענע הײַזער —
צו צײַט פון קבלה די װעגן-װײַזער.

דו שטעלסט דײַן טראַט — ניט אויף דער ערד,
נאָר אויף פאַרהייליקטע נעכטנס, אַמאָלן,
זייער אָפּהילך, דוכט מיר, זיך הערט
אַט דאָ, אין געסלעך קרומע און שמאָלע,
אין נאָענטע, װײַטע ישׂראלס טאָלן.

קרומע טרעפּ — טרעפּ פון שטיין
דורך טונקעלע חוללם פון טירן
צו דעם מקובלס בית-מדרש פירן ;
ס׳שרעקט און דאָך װילסטו װײַטער גיין,
עס שלעפּט צום מקור פון אונדזער ירושה,
װאָס האָט געהאָלפן קומען צוריק
נאָך שװערע נסיונות ביז צו קדושה.

װוּנדער-הייליקע שטאָט צפת,
פון אַ מאָל נאָך און אויך ביז הײַנט
מיט סוד פון קבלה און קינסטלערס בלאַט
איז דײַן אייביק לעבן באַשײַנט.

# אָ, מײַן לאַנד

אָ, וויג פון דורותדיקן גלויבן,
דײַן באַדעק — אַ צעשטערנטער הימל,
וואָס שפּיגלט דיך אָפּ אין בלויען הויבן,
געוועקט האָבן הענט דיך פון לאַנגן דרימל.

מיט צעשטאָכענע פיס אויף פרעמדע וועגן,
אָפּגענאַרטע — ווי פליגן נאָך אַ רעגן,
פאַרמשכּונט מיר האָבן אונדזער גלויבן
פאַר ווילדע בלוטדאָרשטיקע שכנישע געטער,
פאַר טירן פאַרמאַכטע ווי הינט געלעגן.
איצט, ווי דײַנע צעשאָטענע בלעטער,
מיר קערן צו דיר זיך אויף שיפן פון ברעטער.

דײַן באַרגיקער צוקאָפּנס,
דײַן טאָליקער צופוסנס,
פאַרהאַרטעוועט פון פאַרשטיינערטן שטויב,
האָט באַפוילן: — אין מיר, ייִד, גלויב!

בײַ דײַנע פיס, עצמון, ערד אויסגעשפּרייטע,
פון שטיין אויסגעריסן — מיט ברויט אַ פאַרזייטע,
אויף באַרגס שיפּועים — וועגן געלייגטע,
אין האַרצן מצבֿות נאָך העלדן,
נאָך דיר אויסגעבענקטע,
געפאַלענע העלדן —
לעבנס דיר, היימלאַנד, געשענקטע.

הענט רייסן אויף דיין שטיינערנעם באַרג,
ניי־לעבן פאַרזייען אויף ערדענעם קאַרק,
מיט ווילן און גלויבן — אייזן־שטאַרק
אַ מדינה, שטעט, אַ היים זיי גרייטן,
טאָ זאָל אַ ברכה זייערע טריט
אויף אַלע זייערע וועגן באַגלייטן.

## געוועזן אַ מאָל היימען

ווי אַלטע זיידעס מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ,
זיי שטייען גרויע, גלײַך ווי זיי זיך וואָלטן שעמען,
צו עלעוואַטאָרס קוקט מען, צו עלעקטריִע־טרעפּ,
זיי קענען אַלעס ניט פאַרשטיין דאָ און באַנעמען.

ווי זיידעס שטייען זיי מיט אַלטע גרויע קעפּ
נעבן אַ ריז — אַ פופציקשטאָקיק הויכן אייניק,
וואָס שטראַלט מיט זילבער־גלאַנציק גלאָז — איין ליכט־געוועב,
אים צו די הימלען גרייכן פעלט אַזוי שוין ווייניק.

ס׳געדענקען ווענט די הענט, וואָס האָבן זיי געבויט,
ס׳געדענקען אַלטע הייף אַן אַלט־פאַרגאַנגען לעבן,
זיי הערן יענע, וואָס האָבן אין זיי געגרויט,
און זייערע ליידן־פריידן אַלץ אָט דאָ נאָך שוועבן.

אָ, אַלטע היימען — שטיינער־וואָרצלען אין דער שטאָט,
אין אײַך דער ווייַ פון וואָגלער־בענקעניש נאָך ברעגן,
געיאָגט פון גלויבנס ווילדע, אויף דעם ווינטס באַראָט
צו נייער היים זיי האָבן אויסגעבויט זיך וועגן.

אויף אײַך, איר אַלטע הייף, גייט אויף אַ וואָלקן שטויב,
און פאַלן מוזסט איר אונטער לאַסט פון נײַע צײַטן,
די וואָלקן־קראַצערס טוען העכער זיך אַ הויב,
ווער ווייסט ווי לאַנג זיי וועלן אויך אויף וואָלקנס רײַטן.

נאָר אײַך מע רײַסט פֿון גרונט אַרויס, איר גייט אַוועק,
איר לעשט זיך אויס ווי גלײַך די אַלטיטשקע מנורות,
איר רייניקט אָפּ ווי גלײַך אַליין פֿון זיך דעם וועג
פֿאַר הימל-קראַצערס, נײַע וועלטן, יונגע דורות,
פֿאַר זייער מעכטיקן, אַנגרײַפֿערישן טראָט.
אײַך מע צעוואַלגערט — און מיר איז אַזאַ מין שאָד.

# זײַ מיר מוחל, מײַן לאַנד

מײַנע פּיס האָבן אויף דײַנע בערג ניט געטראָטן,
מײַנע הענט האָבן דײַן ליים ניט געקנאָטן,
מײַנע פינגער האָבן דעם פּאַרזיי
איבער דײַן זאַמדיק פעלד ניט געשאָטן.
כ'האָב דײַנע געצעלטן און היימען ניט געבויט,
מײַנע שוואַרצע האָר האָבן אין דײַנע מלחמות ניט געגרויט,
כ'האָב דײַנע גרענעצן ניט אָפּגעהיט,
ס'האָט דײַן שטיין מיט זײַן גלי מײַנע פּיס ניט געבריט,
קום איך איצט מיט מײַנע אַלטע צעאָדערטע הענט
דײַנע בלומען צערטלען און גלעטן
און בײַ דיר מיט פײַכטע אויגן צו בעטן:
זײַ מיר מוחל, ערד דו מײַנע,
מײַנע געבליבענע טעג זײַנען דײַנע,
מײַנע יאָרן זײַנען פאַר דיר געבאָרן.

מאַרץ 1979

# אינהאַלט



## בענקענישן

## מחשבות וועגן לעבן

## אויפן באַראָט פון לענדער און שטאָט



## שטריכן פון ניו־יאָרק

## פון אַלע ייִדישע לײדן



## אויף ישׂראל־ערד